חיים פעט:

# פון האָדסאָן ביזן ירדן

## דערציילונגען און בילדער
## אין מיניאַטור

אַרויסגעגעבן פון די ברידער שולזינגער

ניו־יאָרק 1953

# אינהאַלט



## געשטאַלטן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה

# אין שטיינערנעם שויס

## ביים שוועל פון נייעם לאַנד

יאָסל שטייט אויף דעם אויבערשטן דעק פון שיף „קראלאנד״, וועלכע האָט אים פערצן טעג און נעכט געפירט אויף גרויזאַמע וואַסערן. איצט שטייט זי פאַראַנקערט ביי די ברעגן פון ניו־יאָרק.

איבער מויערן הענגט אַ נעפל. עס זעט אויס, אַז די מויערן קוקן אין וואָלקנס...

די פּאַסאַזשירן שטייען אויף דעם דעק פאַרוואונדערטע, צערו־דערטע.

ס׳איז בייטאָג. אין פיל פענצטער ברענען לאָמפּן. רויכן הענגען פון שיפן, שיפלעך.

אַ באַן איז דורכגעלאָפן איבער דעכער.

מעוועס קרייזן, ווי די מענטשן ביים ברעג זאָלן האָבן אַריבער־געוואָרפן טיכער צו באַגריסן די עמיגראַנטן...

אַ מאַטראָס האָט אויסגערופן יאָסלס נאָמען. ווען ער איז צוגע־קומען נענטער, האָט אים דער מאַטראָס דערלאַנגט אַ פּעקעלע און געזאָגט אָלרייט! יאָסל האָט פאַרשטאַנען: אָלרייט מיינט גוט...

מיט ציטערדיקע הענט האָט ער צענומען דאָס פּעקעלע. גע־פונען עטלעכע שאַכטלעך, אויף וועלכע עס זיינען אָפּגעמאָלן טערקן מיט רויטע פעסקעס. זיי זיצן, די פיס אונטערגענומען און רויכערן. אויך פּעקלעך שאָקאָלאַד. זיין ברודער האָט דאָס געשיקט.

יאָרן זיינען אַוועק. איצט קומען מינוטן פון גרויסער באַגע־געניש...

ער האָט געעפנט אַ קעסטעלע, געטיילט די פּאַסאַזשירן. מיט די אַמעריקאַנער שוועבעלעך ניט געוואוסט ווי צו באַגיין. זיי זיינען צונויפגעוואַקסן איינע מיט די אַנדערע אין אָפענע פּאַפּירענע דעק־לעך. — באַלד זיינען אויפגעגאַנגען דינע רויכלעך פון די אַמע־ריקאַנער סיגאַרעטן. — אמת׳ער טערקישער טאַבאַק, האָבן די אידן

גערימט. — אָבער וואָס האָוועז זיי דאָ אַזוי?... האָט זיך אָפּגערופן אַ דאַרער איד. אויף זיין פּנים איז געווען קענטיק: ניט דעם ערשטן ברעג דערשווימט ער... — אַ צווייטער האָט אים געענטפערט: אויפבויען אַזעלכע מאַכינעס! עס דרייט זיך דער קאָפּ פון די געביידעס!

און אַ דריטער איד האָט זיך אָפּגערופן: מיינע קראַנקע פיס ווילן שוין פאַרזוכן דעם טעם פון ערד. אַזויפיל טעג און נעכט אויף בייזע וואַסערן... — גרויסער גאָט אין הימל! ווי דער מענטש איז געשטראָפט... — יאָסל, האָט ניט געהערט די רייד. ער איז געשטאַנען צווישן צוויי וועלטן: די אַלטע היים, קינדער־יאָרן, עלטערן. ער איז פאַרקייקלט געוואָרן דריי טויזנט מייל...

ער שטייט איצט אויפן שוועל פון אַ ניי אַנטדעקט לאַנד!

אַז מען האָט אים אַראָפּגעלאָזן פון שיף, איז שוין געווען פאַרנאַכט. רויטע לאַנגע פאַסן האָבן אויסגעפּאַרבט דעם הימל און זיי האָבן מיט זייער אָפּשיין אַנגעצונדן דעם פּאַקעל פון דער פרייהייט־סטאַטוע.

## אַ טענעמענט הויז

„זעסט", זאָגט שלמה צו זיין ברודער, „אין דעם גרויסן הויז וואוין איך". יאָסל האָט פאַרריסן דעם קאָפּ —פענצטער אויף פענצטער, אָפּענע, פאַרמאַכטע... ביים אַריינגאַנג האָט זיך באַוויזן אַ הויכער באַלייבטער איד מיט שווערע ברילן און נאַכלעסיק דערלאַנגט אַ ווייכע, נאַכגעלאָזטע האַנט. — אַזוי! דאָס איז אייער ברודער? אַ ביסעלע איינגעדאַרט. ביי אונז אין אַמעריקע וועט ער זיך פאַרריכטן. זיי האָבן זיך געהויבן אויף די טרעפּ, דער באַלייבטער איד האָט נאָכגעקוקט מיט פאַרשטויבטער בענקשאַפט נאָך זיין אַלטער היים...

ווען יאָסל זעט ניט אַזויפיל טירן, שמעקט ניט ריחות פון מאכלים, וואָלט ער געמיינט, ער קריכט אויף אַ בוידעם... זיין

ברודערס ווייב איז אַרויפגעפאַלן מיט הייסע קושן. — סעם! וואָס האָט דאָס אַזוי לאַנג גענומען?

די צוויי ברידערלעך האָבן אויסגעראַטשעט פאַרוואונדערטע אויגן. יאָסל האָט זיי געגלעט איבער די קעפּלעך. — ווי רופט מען זיי? — די שוועגערן האָט געענטפערט: דער עלטערער הייסט סאַלי! דער אינגערער טשאַרלי! יאָסל האָט אומעטיק געטראַכט: וואָסער זיידע, טאַטע האָט געהייסן טשאַרלי?

ביים עסן האָט זיך אַריינגעקייקלט אַ קליין אידל מיט אַ שוואַרצן האַרטן קאַפּעליוש, דאָס רעקל מיט קיילעכדיקע פּאָלעס צעשפּילעט, איבער דער ברייט פון בויך אַ גילדערן קייטל. — האָ! דאָס איז דער גרינער? — האָט ער יאָסלען געשטעקט אַ האַנט און מיט דער צווייטער געווישט דעם שטערן אונטער דער האַרטער הוט. — אַ נו, דערקאַנסט מיך? ער האָט געוואונקען צום ברודער, צו דער שוועגערין, זיי זאָלן ניט זאָגן...

יאָסל האָט געזען פאַר זיך אַ באַקאַנט פּנים, געעלטערט, פאַר־ענדערט. פון אַ דאַרן דראָבנעם איד — שטייט פאַר אים אַ קיילעכדיק פּעסל. אין דער אַלטער היים האָט ער געטראָגן אַן אַלטע היטל, געלאַטעטע בגדים. איז ער אַזוי רייך געוואָרן? דער פּנים ווי גע־שוואָלן — בלייך, פאַרמוטשעט, און ער סאָפּעט ווי אַ גאַנז... אין דער אַלטער היים איז ער געשפּרונגען ווי אַ וואָראָביײטשיק. ער קען שעווערן ס׳איז ניסל דער שוסטער. — איר זענט ניסל! — האָט שוין יאָסל מיט נצחון אויסגעשריען.

דער לאַנדסמאַן האָט גוטמוטיק געשמייכלט: מ׳רופט מיך דאָ נייטן! דער געביטענער נאָמען האָט ניט געשאַדט מיין אידישקייט. אין דעם לאַנד איז אַלץ איבערגעדרייט. גאָט צו דאַנקען, מען לעבט דאָ בעסער, שענער. מיינע קינדער קומען אַראָפּ צום אַלטן טאַטן מיט אויטאָמאָבילן. אמת, מיט מיינע אייניקלעך קען איך זיך ניט צונויפרעדן. מיין שולד! אין אַמעריקע גייען אַלט און יונג אין „נייט סקול“.

די פּאָר צימערן זיינען פול געוואָרן מיט לאַנדסלייט. מען האָט גערעדט אַ מאָדנעם אידיש — אויסגעמישט מיט ענגליש. די פלאַש שנאַפּס האָט געטריקנט...

די לאַנדסלייט זיינען געזעסן אין טיפע שטולן, צעשפּילעטע, פאַרהיצטע. אין שיין פון די אָנגעצונדענע לאָמפּן האָבן זיי אויסגעקוקט ווי אָנגעפּאָרענע מחותנים...

אַלע פענצטער אָנטקעגן זיינען געווען צעעפנט, באַלויכטן. מענער, בלייכע, מיט נאַקעטע אָרעמס, זיינען געזעסן אַרויסגעבויגענע. זיי האָבן אַרויסגעקוקט ווי איינגעראַמטע פּאָרטרעטן אין די פענצטער. דורך גראַמאָפאָנען האָבן חזנים געציקלט, אָרקעסטערס געשפּילט. אין דעם גרויסן טומל איז יאָסל געזעסן אַ פאַרטראַכטער, אַן אַוועקגעטראָגענער...

## דער ערשטער פרימאָרגן

יאָסל האָט געהערט ווי דאָס וועק־זייגערל האָט זיך צעקלונגען. ער האָט פאַרנומען אַ רודערן, פאַרשטילטע רייד פון זיין ברודער און שוועגערין. ס'האָט זיך דורכגעשלאָגן ליכט פון קיך, ער האָט געהערט דאָס רוישן פון וואַסער. יאָסל האָט שטאַרק אַ געגעץ געטאָן — געלאָזן וויסן, אַז ער שלאָפט ניט...

אַ ווײַלע אַרום האָט זיין ברודער סעם געעפנט פּאַמעלעך די טיר. — גוט מאָרגן! — האָט ער שטיל געזאָגט און צוגעקומען צו יאָסלס בעט, אַרויסגענומען אַ גרין פּאַפּירל — דאָ האָסטו 10 דאָלער. זשאַלעווע ניט. איך אייל זיך אין שאַפּ. נאָך דער אַרבעט וועלן מיר רעדן. היט זיך ווען דו גייסט איבער די גאַס. ער איז אַרויס פון זיין צימער, זיך געזעגנט מיט דער שוועגערין. די שטוב טיר האָט זיך פאַרמאַכט. עס האָט אים ווי געטאָן פאַר זיין ברודער. אַזוי פרי זיך אויפגעהויבן און אַוועק אַרבעטן. ס'איז קענטיק אויף דער בלאַסקייט פון זיין פנים, אויף זיינע אָדערדיקע הענט — ער אַרבעט שווער. די אויגן אומעטיק פאַרשלאָסן, דאָס גאַנצע פנים דורכגעזאַפּט מיט זאָרג...

ער וועט זיך אויסטשוכען פון די וואַגלענישן, פון דער שווערער ים־רייזע. ער וועט צושטיין צו זיין ברודער — ער וויל גיין אַרבעטן. ער איז געקומען אין נייעם לאַנד איבערבויען זיין לעבן. זיין ברודער האָט זיך פרי אַרויסגעריסן פון דער אַלטער היים, מיט זיינע הענט זיך דורכגעשלאָגן אין וויטן נייעם לאַנד...

ער איז אַראָפּ פון בעט, געפּלאָנטערט מיט די אַמעריקאַנער וועש... — ס׳אַראַ טייערער ברודער־ אים באַזאָרגט מיט וועש. סקאַרפּעטקעס. אַ גאַרניטער. די היימישע זאַכן ליגן שוין פאַרפּאַקט אין אַ זעקל. אַרויפגעצויגן די הויזן. אַריינגעטאָן די הענט אין טיפע קעשענעס.

אין באַד־צימער האָט יאָסל געעפנט ביידע קראַנען, זיך געוואַשן מיט וואַרעמע און קאַלטע וואַסער. גרויסע ביינערנע קאַמען זיינען געלעגן און האַרטע בערשטלעך. אין די אַלמערלעך געפונען שערלעך, מאַשינקעס אויף גאָלן, שטיקער שמעקענדיקע זייף, פלעשלעך מיט רויטע און ברוינע פליסיקייטן. ער האָט מורא געהאַט טשעפּען די פלעשעלעך... ער איז אַרויס פון באַד־צימער אַן אַרומגעוואַשענער. אָנגעטאָן פון קאָפּ ביז די פיס אין נייע זאַכן.

די שוועגערין האָט אים באַגעגנט אַ שמייכלענדיקע: נו, דזשאָו! זיך אַביסל אויסגערוט? קום אַריין אין קיך — דער „ברעקפעסט״ וואַרט אויף דיר...

אויפן טיש אין אַ געפלאָכטענעם קאַשעקל זיינען געלעגן זעמל, אַ פול פלעשל מילך, עס האָט געשמעקט קאַווע. עס זיינען געלעגן אָפּגעשיילטע אוגערקעס, פייערדיקע פּאָמידאָרן, אַ שטיק געלע פּוטער, געקאָכטע אייער און זאַפט פון פרוכט...

אים האָט זיך געדוכט ער איז אויף אַ חתונה און ער איז דער איינציקער מחותן...

חיים פעט

## ביים שערער

יאָסל האָט מאַרשירט לעבן דעם הויכן רויטן טענעמענט־הויז, געקוקט אויף אַ סלופּעקל וואָס האָט זיך געדרייט אין ווייסע רויטע פּאַסן. דער שערער האָט אַ וואונק געטאָן צו יאָסלען, ווי איינער זאָגט: ער איז באַלד פאַרטיק מיט זיין קליענט... און ווי עמעצער האָט אים אַ שטופּ געטאָן איז ער אַראָפּ מיט די פּאָר טרעפּלעך. דער שערער האָט אים געזאָגט: העללאָ! און יאָסל, ווי ער וואָלט געלאָפן אַ לאַנגן וועג, האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף אַ שטול און זיין פּנים האָט געפלאַקערט. ער האָט זיך דערפרייט דערזעענדיק אַ אידישע צייטונג אויף אַ טישל. די צייטונג האָט אין זיינע הענט געציטערט, בעת ער האָט געקוקט אויף די אידישע אותיות — לעבעדיקע שטימען האָבן גערעדט מאַמע־לשון.

— אייער נעקסט! — האָט דער שערער אויסגעשריען.

יאָסל האָט אויפגעהויבן די אויגן, געזען דעם מאַן וואָס איז געזעסן פאַרוויקלט אין אַ ליילעך. ער איז איצט געשטאַנען קעגן שפּיגל מיט אַ גלאַטן אָנגעמעליקטן פּנים. כאָטש ער טראָגט ניט קיין היטל קיין באָרד און גייט אַ העמד מיט אַ פּאַסיק איבער די הויזן — דערקאָנט מען אַז ס׳איז אַ איד. ער האָט זיך דערפרייט ווען דער מאַן האָט באַצאָלט דעם שערער. געבליבן מיט יאָסלען אַליין, האָט דער שערער אַרומגעטאַנצט: — איי האָט איר קיין עין הרע אַ קאָפּ האָר — דער קאָם וויל ניט אַריינקריכן און דאָס שערל קרעכצט. איי יוראָפּ, יוראָפּ! מען עסט שוואַרצן ברויט מיט הערינג און די באַקן זיינען ווי סאַמעט און שפּריצן מיט בלוט. דאָ פּאַשעט מען זיך און מען קוקט אויס... אייער ברודער איז מיין שטענדיקער קאָס־טימער. — דער שערער האָט פאַרצויגן אַ היימיש לידל...

## שבת

פרי איז שוין יאָסל געווען אין גאַס. עס האָט אים אַרויסגע־טריבן די חמימה. ס׳איז געווען אי זוניק אי פאַרוואָלקנט. די היץ

האָט געשלאָגן שווער און דעמפיק. אויפן טראָטואַר האָבן געראַיכערט, געשמעלצטע שטיקער אייז. אַזעלכע שטיקער אייז האָט ער אויך געזען אין דער אַלטער היים, אָבער אין די ברענענדיקע פרעסט.

אַלע געשעפטן און קראָמען אינם געגנט זיינען אידישע. ער דערקאָנט ניט דעם שבת... דער שערער אין קעלער איז מערער פאַרנומען ווי אינדערוואָכן. אויף אַלע שטולן זיצן מענטשן, וואַרטן אויף זייער ריי. אויך דער לייביקער איד מיט די שווערע ברילן זיצט ביים פענצטער מיט צווענגלעך, שציפּצעס. פּאָמפּעדיקלעך שאָקלען זיך, ווייזערלעך קרייזן...

די גאַס איז פאַרלעגערט מיט פורן, אויטאָמאָבילן. קינדער וואַרפן פילקעס. אויך זיין ברודער איז אַוועק פאַרטאָג... ווען רוען דאָ די מענטשן?

מען קען ניט זאָגן, אַז דאָ זעט מען אינגאַנצן ניט קיין שבת. פרייטאָג ביינאַכט, האָט זיין שוועגערין געבראַכט לעבעדיקע קאַרפּן און אַ געפלאָכטענע ברוינע חלה. די צוויי אינגלעך האָט זי געבאָדן, אויסגעפּוצט אין נייע גאַרניטערלעך.

ער איז צוגעגאַנגען צום בית מדרש. געזען אידן אין טליתים, שמאָלע ווי שאַליקעס. די אידן זיינען געווען צעזייט... פון צייט צו צייט האָט אויפגעזונגען דער בעל־תפילה. ער האָט געמאָלן די ווערטער מיט אַ געבלאָסטן ניגון... עלטערע אידן זיינען געזעסן אויף די טרעפּ אויף שטולן אין גאַס... אויך אין קליינעם פּאַרקל מיטן הויכן אייזערנעם צאַם, האָט ער דערקענט דעם שבת... אידן זיינען געזעסן אויף ברייטע הילצערנע בענק. מען האָט געהערט אַ תורה־ווערטל. אַ משל. אַ משעה׳לע.

## אידישע צייטונגען

ער איז כמעט געלאָפן מיט די אידישע צייטונגען צום פּאַרקל. דאָרט, אויף אַ הילצערנער באַנק, וועט ער צענעמען בלאַט נאָך בלאַט. ער האָט אָפּגעוואַרט ביים ברעג גאַס, ביז עס האָט זיך געביטן דאָס

ליכט. ער איז געגאַנגען נאָענט לעבן שטייענדיקע ווענט פון אויטאָ־מאָבילן, ער האָט ניט געטרויט די מחבלים...

זיך אַראָפּגעזעצט אויף אַ באַנק, באַטראַכט די אידן, זיי האָבן געטראָגן שטעקנס, גערויכערט סיגאַרעטלעך. אידן מיט צעקעמטע בערד, אָפּגעגאָלטע מיט אָפּגעדעקטע קעפּ. אַלץ איז דאָ צונויפגע־מישט...

ער האָט ניט געקענט פאַרשטיין — ער איז געלאָפן מיט די אידישע צייטונגען. ער זיצט, אַ מידער. דער עולם אין פּאַרק נאַשט. מ׳טרינקט. מען לאָבט זיך ווי קראַנקע... קינדער טראָגן זיך אויף וועלאָסיפּעדלעך. מוטערס פירן עופה׳לעך אין אָפענע וועגעלעך. זייערע פּנים׳לעך, דערוואַכטע, שלאָפעדיק, מאַכן ווייכער דעם ליאַרעם... ער האָט געמישט די צייטונגען — אָנגעפּיקעוועט מיט ראָמאַנען, אַנאָנסן, בילדער פון חזנים אין אַכט־קאַנטיקע הויכע שטריימלעך.

ס׳איז אים געווען פריילעך פון די באַקאַנטע נעמען פון גדולים וואָס מיט זיי האָט געקלונגען אין די אַלטע היימען.

ער וועט בעטן זיין ברודער, ער וויל הערן קוואַרטינען, סיראָטאַן.

ער איז לאַנג געזעסן אין פּאַרק מיט די צעשפּרייטע אידישע צייטונגען — פאַר׳חלומט, פאַרטראַכט וועגן זיין צוקונפט אין נייעם לאַנד...

## אין ביבליאָטעק

לעבן פּאַרקל שטייט אַ סאָלידע נידעריקע געביידע מיט אויס־געוואַשענע פענצטער. יאָסל האָט זיך פאַרקוקט אין די גרויסע פענצטער. געזען מענטשן ביי טישן, אַריבערגעבויגענע איבער צע־עפנטע ביכער. אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען אויף די טרעפּ לעבן דער ברייטער טיר. אינעווייניק איז ער געבליבן שטיין. די פולע פּאָליצעס ביכער זײַנען געשטאַנען שווער מיט טיפע סודות. אַנדערע מענטשן האָט ער דערזען — איינגעשטילטע, איינגעהילטע אין

מחשבות. טייל שרייבן אויף ווייסע בויגנס פּאַפּיר, אַנדערע האַלטן די ביכער אין די הענט ווי טייערע געשאַנקען. עס זיצן מענטשן, סתם פאַרטראַכטע מיט פאַרוואונדערטע אויגן, זייערע געדאַנקען אויפגעוועקטע, אַנגערעגטע. זיי האָבן איצט מיטגעמאַכט ווייטע רייזעס...

אויך יאָסל האָט געלייענט און זיך געטראָגן אויף ברייטע פעל־דער. דורך די געדרוקטע ווערטער פליסן וואַסערן, ווייען ווינטן. ער איז געשטאַנען פאַרפלייצט ווי פון אַ זומערדיקן שמעקעדיקן רעגן. ער האָט אַ רגע פאַרמאַכט די אויגן און פאַר זיך געזען בילדער פון דעם אָקאָרשט־געלייענטן בוך. געעפנט די אויגן, האָט ער באַמערקט, אַז עמעצער קוקט אויף אים. ער האָט שעמעוודיק אַ שמייכל געטאָן. זיי האָבן זיך באַקאַנט. — מיין נאָמען איז דוד! — האָט דער יונגערמאַן שטיל אַרויסגעמורמלט. — מיינער יאָסל! איך בין ניט לאַנג אין לאַנד... די אויפזועערין האָט זיך באַוויזן נאָענט לעבן זיי... אַ רגע שפּעטער האָבן זיי שפּאַצירט אין די גאַסן ווי גוטע חברים...

## אַ הייסע נאַכט

ס'איז ניט קיין קורצע זומער־נאַכט! ער האָט פיל מאָל איבער־געדרייט דאָס שמאָלע פלאַכע קישעלע. ער האָט זיך געזען אין קעגנאיבערדיקן פענצטער. ער איז געלעגן איינגעוויקלט אין אַ ליילעך. ס'האָט אים געוואונדערט: פון וואַנען קומען קאָמאַרן אויפן הויכן עטאַזש? זיי זינגען אין צאָרן. זיי קומען פון פאַרקל אַוודאי. אינם פאַרקל, אַרום די פאָר קוסטעס און בלומען, שמייען בינען, מוראַשקעס. פויגעלעך צווישטערן אויף די פאָר בוימעלעך, זיי לאָזן זיך אַראָפּ טרינקען ביים פאָנטאַן. אַפילו מאָטילן פאַרבלאָנדזשען אין דעם טענעמענט הויז...

ער קען ניט פאַרשטיין: אין פיר קליינע צימערלעך וואוינט זיין ברודער, די שוועגערין און צוויי קינדער, ניט קיין שפּייכלער,

בוידעם, קעלער. פיר קעסטלעך — גאַטס וואונדער! דער אויוון פאַרנעמט אַ ווינקעלע. און עס קאָכן זיך טעפּ. עס פּרעגלט און באַקט זיך. דעם שכנ׳ס וועש ציט זיך אויף אַ שטריק צו דיין פענצטער און דיינע ביזן שכנ׳ס פענצטער.

די טישן קליינע צענעמען זיך פליגלען עפענען זיך. שפּייז קויפט מען עטלעכע מאָל אין טאָג. אויף יעדן טריט אַ שפּייז־קראָם. ניט קיין פערענעס, קישנס. אַ חדוש וואָס אין איין טענעמענט־הויז וואוינען מערער משפחות ווי אין זיין שטעטל...

זינט ער איז אין אַמעריקע, האָט ער ריכטיק ניט דורכגעשלאָפן אַ נאַכט. די פייערלעשער לויפן דורך מיט זייערע לאַנגע וועגענער מיט אַ קלינגען און פייפן. נאָך ערגער — דער געיאָמער פון די אַמבולאַנסן. אויף די קעץ איז מיאוס צו קוקן, זיי וויינען ווי קראַנקע קינדער.

מען שלאָפט איינע איבער די אַנדערע. מען קלאַפּט אין טירן מען גייט אויף טרעפּ... — ער האָט אין שווערן דרימל געוואַנדערט צווישן שטילע פעלדער...

## צום שאַפּ

די ברידער זיינען אַרויס פון הויז מיט שטילע טריט. ס׳איז נאָך געווען פינצטער. די שוועגערין מיט די קינדער זיינען געשלאָפן. די הילצערנע טרעפּ האָבן צוגעזונגען פון זייערע טריט. אין גאַס האָבן געברענט פאַנארן. אַלע געשעפטן זיינען געווען פאַרמאַכט. מענטשן ווי שאָטנס האָבן געשלייכט אויף ביידע זייטן טראָטואַרן...

אַ רגע שפּעטער זיינען די ברידער שוין געזעסן ביי אַ שטיינער־נעם טישל אין אַ קאַפעטעריע. די גרויסע לאָמפּן זיינען איינגעוויקלט אין פאַרע. באַדינער, הויכע און נידעריקע אין ווייסע פּידזשאַקלעך און גרינגע מיצן. האָבן זיך געפּאָרעט ביי די עסנס.

זיין ברודער האָט צוגעבראַכט אויף אַ טאַץ זעמל, צוויי טעפּלעך קאַווע, אַ פּיינקוכן.

— אויפן ניכטערן האַרצן טרינקסטו קאַלטע וואַסער? זיין ברו־דער האָט אַ שמייכל געטאָן — עס, יאָסל! מיר דאַרפן זיך צואיילן. ער האָט אים מיט אַ לעפעלע אַריינגעשאָטן צוקער אין די קאַווע, געמישט. שמיר אויך מיינע פּוטער. דער פּיינקוכן, די קאַשע — אַלץ פֿאַר דיר. — יאָסל האָט ניט פֿאַרשטאַנען... וואו נעמסטו כוח צו אַרבעטן? פֿון דעם גלאָז וואַסער, טעפּעלע קאַווע און דעם דאַרן שטיקל קיכל?

יע, זיין ברודער איז שוין געווען פֿאַרטיק מיטן אָנבייסן. ער האָט שוין געראויכערט אַ סיגאַרעטל. — אין דער קאַפעטעריע זיינען אַרויס און אַריין מענטשן, ווי אין אַ וואָקזאַל.

זעסט, יאָסל! דאָ גייען מיר אויפן גאַס און אונטן לויפט די באַן. — וואָס מאַכט דער טאַטע? די מאַמע? די באבע? איך ווייס ס׳איז ניט גענוג, איך שיק זיי געלט. פֿאַרענטפֿער מיך. מען איז דאָ אַזוי פֿאַריאָגט... נו, מיר זיינען שוין ביי דער סאַבווי.

זיין ברודער האָט אים געהאַלטן פֿאַרן האַנט. פֿיל מענטשן האָבן געפּלייצט. יאָסל האָט ניט באַוויזן באַטראַכטן דעם טונעל, די פּלאַט־פֿאָרמע. עס זיינען אָנגעלאָפֿן ליכטיקע וואַגאָנען. אַ וואַנט מיט מענטשן האָבן אים אַ שטופּ געטאָן. ער האָט איינגעלאָזן זיין ברודערס האַנט און די טירן האָבן זיך פֿאַרמאַכט. אַ ווייל איז ער געשטאַנען פֿאַרלאָרן. זיין ברודער האָט אים אַ צי געטאָן פֿאַרן אַרבל. ער האָט דערזען יענעם קינדערשן שמייכל, וואָס ער האָט געזען בעת זיי האָבן צוזאַמען געשלאָפֿן אין איין בעט...

## די ערשטע מינוטן אין שאַפּ

געעפֿנט פֿאַמעלעך די טיר פֿון שאַפּ און געבליבן שטיין. די טיר האָט זיך צעקלונגען. — פֿאַרמאַך די טיר! — האָט ער געהערט אַ בייזן קול. ער האָט געקוקט לענג־אויס דעם שאַפּ: פֿינסטער, סמוטנע. ער הערט שטימען. באַלד איז אויסגעוואַקסן זיין לאַנדסמאַן ניסל אין לאַנגן פֿאַרטוך ביז דעם דיל, מיט פֿאַרקאַשערטע אַרבל.

— דער גרינער איז דאָ! — האָט ער אַ הירזשע געטאָן. — נו, וואָס שטייסטו ווי אַ נעבעכטיקער? גיי אַריין אין אָפּיס, וועט דיר דאָס מיידל פאַרשרייבן. ער האָט אים גע׳סוד׳עט: אין שאָפּ רעדט מען ניט. דאָ דאַרף מען אַרבעטן — און שנעל!

ביי אַ גרויסן לאָמפּ אויף אַ לעדערנעם שטול איז געזעסן אַ מיידל מיט קורץ געשאָרענע האָר ווי אַ אינגל. זי האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול, זיך געוויגט אויף הויכע קנאַפּל. ביים גרויסן זייגער, האָט זי אָפּגעקלונגען אַ קאַרטל — וועסט געדענקען? דיין נומער איז 84. דריי מאָל אַ טאָג דאַרפסטו קלינגען דאָס קאַרטל. — זי האָט אַ שמייכל געטאָן. זיך צעוויגט אויף די הויכע קנאַפּל צו איר ליכטיקן צימערל, ביים טיש מיט פיל פּאַפּירן...

באַלד האָבן זיך באַוויזן אַרבעטער. זיי האָבן העפטיק געקלונגען די קאַרטלעך. יאָסל איז געשטאַנען ווי אויף אַ קריע אינמיטן שאָפּ, געשוואומען אין דמיונות.

עס האָבן זיך אָנגעצונדן לאָמפּן איבער טישן, מאַשינען. אין דער סטאָדאָלע איז געוואָרן ליכטיק ווי בייטאָג. די פענצטער זיינען דאָ פאַרשמאָלצן, פאַרשטויבט און הויכע מויערן פאַרשטעלן דעם הימל. עס מוז דאָ ברענען לאָמפּן בייטאָג, האָט ער געטראַכט.

— יאָסל! ווי ביזטו אַריינגעפאַלן? האָט אין אים אַ שטים גערעדט, געוויינט.

— נו, וואָס שטייסטו אינמיטן שאָפּ? האָט אים אַ הויכער מאַן מיט צאָרנדיקע אויגן געמינטערט. — ווי איז דיין נאָמען?
— יאָסל! — דזשאָ! אַמעריקע ווייס ניט פון יאָסל. נאָ, טו אָן דעם פאַרטוך, פאַרקאַשער די אַרבל און קום צום טיש, — דאָ לעבן מעקן! גיב אויף אים גוט אַ קוק און דערקאָן אים...

יע, ער האָט אים גוט אַ קוק געטאָן. — געזען פאַר זיך אַ מאַן מיט אַ הוילן קאָפּ, ווי אַ פאָרצעלייענע טעלער. ברילן אין שוואַרצע ראַמען, פינטלדיקע אויגן אונטער שויבן. צעטיילטע האַלבע וואָנצעס ווי פעטע פיאַווקעס ליגט אונטערגעבעט אונטער זיין גראָבע נאָז. — ער וועט אים שוין גאָר דערקאָנען... אַזאַ מענטשן קען מען ניט פאַרלירן אויף אַ יאַריד...

אַ גלאָק האָט אַ קלונג געטאָן און אַ ווילדער אָרקעסטער האָט אַ שפּיל געטאָן מיט שערלעך, האַמערס, ניי־מאַשינען.

## יאָסל אַרבעט

אויף איין פינגער איינגעבויגן האַלט ער אַ שטיק פּעטע געדיכטע שמירעכץ. ער שמירט אויף גלאַנציקע, שוואַרצע, פּירקאַנטיקע שטיקלעך ריפּס. מעקס כאַפּט פון די הענט. מעקס בורטשעט: וואָליע ניט אַזויפיל קליי און גיב צו דער האַנט. — קלעפּ דו, וועסט זען אָקאָרשט וויפל כ׳וועל אָנלייגן אויפן טיש. — זיינע רייד שניידן אין האַרץ. זיין קול איז פאַרזשאַווערט, הייזעריק. עס שמעקט פון זיין קערפּער די פּראַצע. ווען יאָסל וואַרפט אַ קורצן קוק אויף די פענצטער — באַגעגנט ער בייזע אויגן פון בעל הבית. דער פאָרמאַן גיט אַ געשריי: דזשאָ! פאַר קוקן צאָלן מיר ניט קיין געלט... נאָר דער גרעסטער היטער איז מעקס. ער כאַפּט ביי אים פון די הענט, יאָגט אים אונטער מיט שפּיציקע ווערטלעך. — מען אַרבעט שנעל, דזשאָ! לויפט דער טאָג אַריבער. וועסט מיר נאָך מאַכן אַ וואָגנע אין דער אַרבעט...

דער איינגעבויגענער פינגער ברעכט, אָנגעצויגן מיט וויטאָג, נאָדלען שטעכן. ער אָטעמט שווער פון אויפרעגונג, היץ, געפּאַלנקייט. ער קען ניט צונויפבינדן אַ געדאַנק מיט אַ געדאַנק. ער גיט זיך אַ בויג צו מעקסן — וואו גייט מען דאָ אַרויס? שטאַמלט ער...

— שוין פאַרמאַטערט? — האָט ער פאַרקרימט די נאָז. — גיי ביזן זייגער, וועסטו דאָרט זען אַ רויטן לעמפּל...

ער איז געגאַנגען, ניט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. ער האָט געפילט אַ סך אויגן. ס׳האָבן זיך דערטראָגן רייד: דאָס איז דער גרינער!...

אינם ענגן צימערל מיטן געלבלעכן לעמפּל איז געווען נאַס, שמוציק, אָנגעוואַלגערטע פּאַפּירן. ער האָט זיך פאַרקייטלט. דורך

אַ הויכן אָפּענעם פּאַרבּרודיקטן פענצטערל האָט זיך געזען אַ פּאַסיקל הימל...

די פּאָר מינוט אין ענגן צימערל האָט ער זיך באַפרייט פון בעל הבית, פּאַרמאַן, מעקסן...

ער איז געגאַנגען צום טיש מיט גיכע טריט, באַמיט געבן מעקסן צו דער האַנט. אָבער מעקס האָט געאַרבעט ווי אַ ים־חיה מיט אַ סך הענט. ער האָט געפּרובירט אַרויפנעמען דאָס שמירעכץ אויף אַן אַנדער פינגער... — דו ווילסט דאָ אַרבעטן? טו ווי איך לערן, וועסט מיר נאָך קויפן אַ מאָל אַ גילדענעם זייגער...

די אַלע ריידעלעך האָט ער קונציק אויסגערעדט אונטער דער נאָז. מיט אַמאָל האָט אַ קלינג געטאָן דער גלאָק. אין אַ רגע זיינען אַנטשוויגן געוואָרן די מאַשינען. לאָמפּן האָבן זיך אויסגעלאָשן. די פּאַרטוכער זיינען געבליבן אויף די טישן. די אַרבעטער זיינען גע־לאָפן צום זייגער, האָבן אָפּגעקלונגען די קאַרטלעך. די קלאַנגען האָבן דערציילט פון אַ שעה רו...

## מיטאָג־צייט

יאָסל איז געשפּרונגען אַראָפּ די טרעפּ. פון אַלע טירן האָבן געגנידערט אַרבעטער אין בלויזע העמדער, הוילע קעפּ. די גאַס איז געוואָרן שוואַרץ... פון אַלע שעפער האָבן אַרבעטער זיך געלאָזן צו די רעסטאָראַנען, קאַפעטעריעס, צייטונג־קיאָסקן. ער האָט גע־טראַכט וואו וועט מען נעמען שפּייז פאַר אַזאַ היישעריק... ער האָט זיך גיך דערקונדיקט. ווען ער איז אַראָפּ אויף די צעבראָכענע טרעפּ־לעך אין אַ באַלויכטענעם קעלער. פרויען און מענער זיינען שוין געווען פול באַזעצט לעבן די טישלעך, וואו עס זיינען געשטאַנען געפלאָכטענע קאָשעקלעך מיט פיינע געשניצטע פענעצן ברויט — ראָזעווע און שיטנע, ווייסע און געבייטלטע. פיל אַרבעטער זיינען געשטאַנען מיט שיסעלעך זופּ, מיט טעפּעלעך קאַווע. מען האָט געגעסן, געטרונקען. אויך יאָסל האָט זיך דערשלאָגן צו אַ ווינקל.

ער האָט געזופט, געריסן דאָס ברויט אויף שטיקער. ניט אַזוי פון הונגער, ער האָט געוואָלט זיך אַרויסכאַפּן אין גאַס, אַ קוק טאָן אויפן הימל, צוטוליען זיך צו אַ וואַנט, אַ קוק געבן אין דער צייטונג, וואָס ליגט אַ צוזאַמענגעקוועטשטע אין דער הינטערשטער קעשענע. אַ ביסן איז אים געבליבן שטיין... ער האָט דערזען מעקסן אַן אַריבערגעבויגענעם איבער אַ געפּרעגלטן פיש. ער האָט אַ לאַך געטאָן, געוויזן גרויסע שיטערע ציין.

עס, דזשאָ! וועסטו האָבן כוח צו אַרבעטן. מיר וועלן אַרויסגיין צוזאַמען טרינקען אַ סאָדע.

יאָסל האָט ניט דערטרונקען די קאַווע. ער איז שוין געווען אין דרויסן...

איבערן הימל האָבן זיך פאַרצויגן כמאַרעס. דאָס פאַרעניש איז געווען געדיכט, קלעפּיק. ער האָט שוואַרץ געמאַכט דאָס באַז־טיכל ווישנדיק דעם שטערן און האַלדז.

ער האָט זיך געטרייסט: די שווערע וואָלקנס וועלן אויסברעכן אין שטאַרקע רעגנס.

איבער דער פאַרמויערטער גאַס שטייען גרויסע מאַשינען אויף אָנגעפּוישטע גומענע רעדער. אויף בײדע זייטן טראָטואַרן ליגן קאַסטנס, פעסער, באַזעצט מיט אַרבעטער. בחורים האַלטן אַרומגע־נומען מיידלעך. מען וואַרפט פּילקעס. מען שפּילט אין קאָרטן. על־טערע אַרבעטער שטייען אין קופּקעס...

באַלד איז די גאַס געוואָרן ליידיקלעך. די שעפער האָבן פאַר־שלונגען די פרויען און מענער. יע, זיי שטייען און זיצן געבויגענע ביי טישן, ביי מאַשינען — און יאָסל צוויש זיי...

## ב ר י ו ו

געטראָפן די שוועגערין לעבן גרויסן טענעמענט־הויז. זי האָט געהאַלטן ביידע זינדלעך פאַר די הענט. זיי זיינען געווען פאַרמורזעט און פאַרשמירט. זיי האָבן זיך געריסן מיט געוויין, ניט געוואָלט

אַרויפגיין שלאָפן. ער האָט אויפגעהויבן דעם אינגערן הויך אויף די הענט, דעם עלטערן אַ וויג געטאָן. זיי האָבן אָנגעהויבן לאַכן מיט פאַרטרערטע אויגן. ער איז שוין געווען זיכער, אַז זיי וועלן פאָלגן און אַרויפגיין שלאָפן. ווען זיי זיינען געגאַנגען אַרויף די טרעפּ, האָט די שווענערין געפרעגט: ווי איז געגאַנגען די אַרבעט? די קינדער האָבן זיך צוגעהערט צום אידישן לשון... די גאַז־לעמפּלעך האָבן באַלויכטן זייערע יונגענקע פּנים׳לעך. ס׳איז געווען קאָנטיק אַז זיי פאַרשטייען אַ סך ווערטער.

„וויסט״, זאָגט יאָסל צו דער שווענערין, „ס׳וואָלט שוין געווען צייט דעם עלטערן געבן צו אַ מלמד״. — „דזשאָ!״, זאָגט זי, „כ׳האָב פאַר דיר צוויי בריוו — איינער פון יוראָפּ און דער צווייטער פון דאַנען״.

ווען זי האָט אָפּגעשלאָסן די טיר און אַפריער אַריינגעשטופּט די זינדלעך, האָט זי נייגעריק אַ קוק געטאָן אויף אים: — ווער שרייבט דיר שוין פון אַמעריקע? — און אים דערלאַנגט צוויי פאַר־זיגלטע בריוו.. איין בריוו מיט אַ סך מאַרקעס, שטעמפּלען, האָט ער גלייך דערקאָנט, נאָך דעם האַנטשריפט פון אַדרעס, סאָ׳יז פון זיסלען, זיי שכנה׳לע אין דער אַלטער היים. אָבער דער צווייטער בריוו מיט דער פרעמדער האַנטשריפט אויפן קאָנווערט, האָט אַרויס־גערופן פאַרב אין זיינע באַקן...

ווען די שווענערין האָט די זינדלעך געבאָדן, האָט ער אויפ־געריסן דעם בריוו פון זיסלען. דאָס זיינען געווען צוויי גרויסע בויגנס, פאַרשריבן פון אַלע זייטן מיט געפּיקעוועטע קליינע אידישע אותיות. ער האָט דעם בריוו געלייענט מיט פאַרהאַלטענעם אָטעם. ער האָט זיך ניט אַ ריר געטאָן. די רייד אירע האָבן געזיפּצט ווי אַ וואַרעמער שפּריי־רעגן. — האַלט דיין צוזאָג יאָסל! פאַרלאָז מיך ניט. גאַנצע נעכט חלום איך. אין די בייטאָגן גיי איך ווי אַ צעמישטע. וואו האָסטו זיך פאַרטראָגן?

דער אָפּענער בריוו איז געלעגן אויף זיין קני. זיינע הענט האָבן געציטערט. אַז ער האָט זיך באַרואיקט האָט ער געעפנט דעם צווייטן בריוו.

איין זייטעלע פאַפּיר פאַרשריבן. ער ווייס שוין ווער עס שרייבט אים. די שיף־שוועסטער מאַנעי. די אָפענע בריוו זיינען געלעגן אויף זיינע קני. ער איז געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן, געפילט אויף זיך זינד. — ער האָט געטראַכט פאַרן זיך זען מיט דער שיף־שוועסטער.

## אויסגעדינטע

ער איז שוין געווען באַקאַנט מיטן שאַפּ. אין איין ווינקל זיינען געשטאַנען איינע אויף די אַנדערע אויסגעדינטע אַלטע מאַשינען, איינגעדעקטע אין שטויב. אויף פּאַליצעס זיינען געלעגן שוואַך־צוגעבונדענע שטיקער סחורה. זייערע ראַשע קאָלירן האָבן דער־ציילט: זיי זיינען פאַרלעגן, אַרויס פון מאָדע... עס זיינען געשטאַנען רויטע עמערס מיט שמוציקע וואַסער (טאָמער אַ שרפה חלילה), ברעטער, אַלטע און צעבראָכענע טישן. דער שאַפּ איז שוין אַלט, פיל מאָל איבעררעמאָנטירט. איינמאָל אַ וואָך קומט אַ שוואַרצער מאַן, שפּריצט וואַסער דורך אַ בלעכענעם קאַן.

ער וויגט אין האַנט די קאַן, ווי ער וואָלט באַשפּריצט בלומען. ער קוקט אויף די אַרבעטער ווי אַ פרעמדער, לאָזט ניט פאַלן קיין וואָרט. זיין געקרויזטער קאָפּ איז פייכט, באַדעקט ווי מיט טוי. יאָסל קוקט אויפן שוואַרצן מאַן מיט מיטלייד. ער האָט רחמנות אויף אַלע דאָ וואָס שטייען באַ די טישן און שאָקלען זיך ווי זיי וואָלטן גע־דאַוונט. און די וואָס זיצן זיינען ווי צוגעוואָקסענע צו די מאַשינען...

אינמיטן רוישן פון די מאַשינען זעט ער ווי אַ פרוי מיט אַ קאָפּ צעשאָטענע גרויע האָר, האָט זיך אָפּגעבויגן פון מאַשין. זי האָט געעפנט אויף שנעל איר האַנט טעשל און פון אַ קליין פלעשעלע אַרויסגענומען צוויי פּילן און זיי אַראָפּגעשלונגען, איר אויסגע־האָרוועטע, בלייכע האַנט צוגעלייגט צום האַרצן. זי איז בלייך גע־וואָרן ווי אַ קרייד און ס'האָבן איר געצוקט די אַקסלען. זי איז אַראָפּגעזונקען אין שטול.

אין שאַפּ איז געוואָרן אַ טומל. מען איז געלאָפן פון אַלע ברעגן. מען האָט אויף איר געגאָסן וואַסער, געפאָכעט מיט די העמדער.

זי האָט אויפגעשריען, טעמפּ, מיט אַנגסט. מען האָט איר געטראָגן אויף די הענט צו דער אָפענער טיר. די אויסגעהאָרעוועטע הענט האָבן איצט געקענט אויפהויבן אַ מויער... מען האָט געקלונגען אויפן טעלעפאָן: — שנעל, שיקט אַ דאָקטאָר!

עס זיינען געפאַלן האַרבע רייד: — אין די יאָרן זאָל אַ פרוי אַרבעטן אין אַ שאַפּ, וואָס פאַר אַ אָרדנונג האָבן מיר עס...

אַן אַמבולאַנס האָט פאַרוויינט דעם דרויסן. עס האָבן זיך באַוויזן מענער אין ווייסע פידזשאַקלעך און אַ פרוי. די פרעמדע מענטשן האָבן זיך געבויגן איבער דער פרוי וואָס איז געלעגן אויפן באַלקאָן.

דער שאַפּ האָט זיך צוריק צעוויגט, צעשריען. נאָר איין מאַשין איז געשטאַנען פאַרשטילט, פאַר׳יתומ׳ט.

# אַן אָרעמע פּרוי

קלאַרע איז אַראָפּ פון בעט, צוגעגאַנגען צום וויגל, וואו איר קליין טעכטערל דזשין איז געשלאָפן. זי האָט איר שטייפער איינ־געדעקט, בלויז דאָס קליין יונג פּנים׳ל ווי פון אַ פּאָרצעלייענער ליאַלקע, מיט ליפּעלעך רויטע, האַלב אָפענע.

— פּונקט אין טאַטן געראָטן.

— נחת מיינער: דיר איז גוט! ווייסט ניט ווי דיין טאַטע אַרבעט שווער. אויף די שפּיץ־פינגער האָט די יונגע מאַמע געקרייזט אַרום וויגל: שלאָף, פּופּע מיינע!... איך וועל איינהייצן דעם אויוון. עס וועט ווערן וואַרעם און ליכטיק, וועל איך דיך אָנקאָרמענען, אָנפּויען. און אַז דער טאַטע דיינער וועט קומען פון דער אַרבעט, וועט ער זיך מיט דיר שפּילן, און דו מיט דיינע קליינע הענטלעך וועסט אים שציפּען פאַר די באַקן.

אין אויוועלע איז לעבעדיק געוואָרן. די קוילן, די גרודיגע, די האַרטע, האָבן זיך צעגליט. אויך אַ פּאָר פענדלעך, אַ גרעסערע און אַ קלענערע, האָבן זיך צוגעשאָקלט פון היץ און פון זידעניש. אין דעם קליינעם שטיבעלע האָט פאַרשמעקט מיט וואַרעמקייט און זאַט־קייט...

— דזשינעלע האָט זיך געוועקט. מיט די קליינע הענטלעך גע־ריבן דעם נעזל, געקרימט דאָס מיילעכל און זיך צעוויינט.

— שאַ! שאַ! וויין ניט טאָכטערל, הונגעריק פויגעלע מיינע. באַלד, באַלד, וועל איך דיך אָנקאָרמענען, אָנפּויען.

זי האָט איר געהאַלטן אויפן שויס, אונטערגעהויבן מיט איין האַנט די ווייכע קעפּל און מיט אַ קליין טיי־לעפעלע איר געקאָרמעט. דערנאָך זי איבערגעטאָן אין טרוקענע, געלאַטעטע, אויסגעוואַרעמטע קליידלעך. געוואַשן איר רונדיק פּנים׳ל מיט לעבלעכע וואַסער. און דזשינעלע האָט געלאַכט און געוויינט מיט אירע חן־גריבעלעך

אין די באַקן. און די יונגע מאַמע האָט זי געקושט אין די עלנבויגנס.

שפּעטער האָט זי דזשינ'ען גענומען איינגעבונדן אין שאַלן. און אַ סאַראַטענעם שוואַרצן טאַש אין דער צווייטער האַנט, זיך אַרויסגעלאָזן אין „מאַרקעט" נאָך שפּייז.

זי שטופּט זיך דאָרטן צווישן די ווייבער, וועלכע באַלאַגערן די פּרוכט און שפּייז געשעפטן ווי היישעריקן.

זי קומט צוריק אַ פאַרמאַטערטע, אַ צוגעקלעמטע פון קעלט. זי האָט אָבער ניט קיין צייט צו רוען. זי גרייט צו עסן פאַרן מאַן. דער נייער מאכל וועט אים שמעקן.

דערנאָך נעמט זי זיך ווידער צו דזשינ'ען. זי גיסט אַריין דעם הייסן טשייניק וואַסער אין דער וואַנעלע, מישט עס אויס מיט צוויי טעפּ קאַלטע וואַסער. זי פּרואווט דאָס וואַסער מיט די פינגער און געטרויט זיך ניט און גלויבט ניט...

דערנאָך ווען דזשינע זיצט אין וויגעלע אַן אָפּגעבאָדענע, אַ לאַכעדיקע, נעמט זיך קלאָרע צו די שניפּסן. זי האָט נאָך אַ פּאָר טוץ צו ענדיקן. דאָס „סינגער מאַשינדל" רוישט האָפּערדיק. דזשי־נעל'ן מאַכט דאָס צו קוועלן... זי מרוקעט אַרויס האַלבע ווערטער. אָבער די יונגע מאַמע קוקט אַריבער צו איר, זי פאַרשטייט איר שפּראַך און זי ענטפערט איר מיט אַ שמוצערן פון די ליפּן.

און די יונגע מאַמע פאַרציט אַ נגון, וואָס ווייעט מיט ווייטער האָפענונג און פרייד...

# אַ פלעשעלע ווײַן

דער יונגער דיכטער שטאָלצמאַן און זײַן געליבטע פלאָרענס זײַנען געזעסן אויף דער ווײַכער קאַנאַפּע געטוליעטע, שטילע און פאַררויטיקטע. און דער אַלטער שריפטשטעלער ריבין האָט צע־נומען אַ גרינג טישל, עס פאַרשפּרייט מיט אַ געוועבט סערוועטל, פון קיך געבראַכט דרײַ געשליפענע גלעזערנע בעכערס, אויך אַ פלעשל ווײַן אַוועקגעשטעלט אויפן טיש. דאָס פלעשל — מיט אַ לאַנגן האַלז, אָנגעטאָן מיט אַ רויטע היטל פון טריוואָקס, אַרומגע־וויקלט מיט באַנדעראָל שאַליקעס, אַרומגעקלעפּטע מיט צעטלען אין פאַרשיידענע שפּראַכן אויסגעשטעמפּלט מיט מעדאַלען.

פלאָרענס האָט דאָס פלעשל אויפגעהויבן...

ריבין האָט אַ שמייכל געטאָן גוטמוטיק צו דער יונגער מיידל, און שטאָלצמאַנען האָט ער אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ: „אייער ליד אין דעם זשורנאַל ‚טרעפּ׳ האָט מיך פאַרוואונדערט״...

אין די דרײַ געשליפענע גלעזער האָט דער ווײַן אויפגעשפּילט, אויפגעשוימט, אַ דינער אַראָמאַט האָט פאַרטראָגן: „טרינקט, קינדער, ס׳איז זייער גוטער, אַלטער ווײַן״.

ריבין איז געווען דער ערשטער וואָס האָט דעם כוס ווײַן אַ בויג געטאָן צו די ליפּן. אויף זײַן פּנים האָט זיך אָפּגעצייכנט אויפגעוועקטע וואַרעמקייט, פרייד...

שטאָלצמאַן האָט דעם האַלבן בעכער ווײַן געטרונקען פּאַמעלעך, געפילט די גלאַטקייט אין טעם און זיך געפרייט וואָס זײַן מיידל האָט דעם האַלבן בעכער אויסגעליידיקט.

פאַר אַ ווײַלע האָט זי פאַרמאַכט די אויגן, זיי געעפנט ברייט, און מיט פרייד און איבערראַשונג געקוקט אויף אים...

— דער ווײַן נעמט! — האָט שטאָלצמאַן מיט אַ געהויבענער שטים אַ זאָג געטאָן. אויך ער האָט מיט אַ וויגנדיקער האַנט אָנגעגאָסן אין די דרײַ אויסגעליידיקטע בעכערס דעם ווײַן.

דער ווײַן האָט אויף דער פרײַ אויפגעזאָטן און געהיימע שטילע קלאַנגען אַרויסגעבראַכט...

אַ קליין לעמפּל האָט אָפּגעלויכטן פון קיך.

די ראַדיאָ האָט שטיל געשפּילט. ניגונים פון פייפלעך, דינע, אומעטיקע האָבן אָנגעפילט דעם צימער.

פלאַרענס, אַרומגענומען מיט ריבינען, האָבן זיך געקושט, און שטאָלצמאַן מיט אַן אַוועקגעשוואומענעם קאָפּ, מיט אָפענע פאַר־בלענדעטע אויגן, איז געזעסן ווי פאַרצויבערט...

# דער נייער האָטעל

צוקערמאַן איז אויפגעשטאַנען פאַרטאָג. אָנגעטאָן די וואָכע־דיקע קליידער, די אָפּגעטראָטענע צעקרימטע שיך. אָפּגעדרייט אין באָד־צימער דעם ניקעלנעם קראַן. דאָס וואַסער האָט גערונען וואַרעם מוטנע. באַלד וועט דאָס וואַסער שלאָגן קאַלט און ריין. דער באָד־צימער זעט אויס שענער, געראַמער ווי זיין קאַנורע, וואו ער האָט זיך אָפּגעוואַלגערט אַ גאַנצן ווינטער. גאָט צו דאַנקען זיך אַריינגעקליבן ביי זיך אין הויז. אַ הויז, אַ פּאַלאַץ! זאָל אים ניט פאַרשטערט זיין. אַליין געשטאַנען מיט די בויערס, מיט די פאַר־בערס, מיט די גלעזערס. די האָטעל־אייגנטימער אינם שטעטל וועלן אים מקנא זיין. זיי האָבן זיך דען אָנגעבידעוועט ווי ער?...

ער איז אַראָפּ אין דער „לאָבע", אָנגעצונדן אַלע לאָמפּן — אַ ליכטיקייט ווי בייטאָג! די מענטשן זיינען אויך ניט קיין קליינע באַשעפער...

ער האָט אויסגעפּרואווט אַלע ווייכע קאַנאַפּעס, וויגנדיקע שטולן. עס וועט זיי אָפּגיין די ביינער מיינע געסט. — אויך אַריינגעקוקט אין זאַל: קיילעכדיקע טישן זיינען געשטאַנען ווי אין תפילה מיט די איבערגעדעקטע ברולירנדיקע טישטוכער. און די פּיאַנאָ אין ווינקל, פאַרמאַכט אין זינגנדיקן שלאָף...

נאָך אַ פּאָר וואָכן און דער זומער וועט אַ שפּיל טאָן, וועלן זיי קומען צופליען די ניו־יאָרקער פויגלען...

פון דער אויבער־שטוב האָבן זיך די טרעפּ צעסקריפּעט. איר נעמט אויך ניט קיין שלאָף, מיין אידענע — האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן אויפן קול...

פרומע איז געבליבן שטיין אויף די טרעפּ איינגעוויקלט אין „קאַפּאָט״, אין דער לאַנגער נאַכט־העמד. איר פּנים האַלב אין וואונ־דער, האַלב אין שרעק.

— טפו! טפו מיינע שונאים, דו ביזט דאָס? ווער האָט דיר אויפגעריסן פון שלאָף? פאַר וועמען האָסטו אָנגעצונדן די לאָמפּן?

— זאָל דוכטן עס זיינען געקומען געסט... איז ער זי געגאַנגען אַנטקעגן מיט אַ שמייכל.

ער האָט אויסגעלאָשן די לאָמפּן. און אַ בלויע מילדע יונגע ליכטיקייט האָט זיך אַריינגעגאָסן דורך די אויסגעוואַשענע שויבן פון די גרויסע פיל־צאַליקע פענצטער.

און צוקערמאַן און פרומע זיינען געבליבן שטיין אין דער נייער הויז אין דעם נייעם פרימאָרגן: געזונטע, געפּליגלטע מיט נייע האָפענונגען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

# זיך דערקענט

גאָלדמאַן האָט זיך אַרומגעגאָלט. געשעפּט קאַלטע וואַסער מיט די הויפּנס, געפּרישט דאָס פּנים. אויך אָנגעטאָן אַ פרישע געפּרעסטע אויבערהעמד. אַרויס אין גאַס, זיך אַרויפגעזעצט אויפן באַס.

און אויף איינער פון די שטילע, ניי־אויפגעבויטע גאַסן איז ער אַראָפּגעשטיגן. געגאַנגען פּאַמעלעך, באַקוקט די לאַנגע ברייטע גאַס מיט די נידעריקע צוויי־שטאָקיקע נייע הייזער. ווי אַ שטילער שלאָפנדיקער דאָרף אין מיטן שטאָט... די מאַשינען גלאַנציקע דרעמלען לעבן די הייזער. די קליינע קינדער שפּילן זיך אין גרופּן אָנגעפירט פון לערערס און לערערינס. די אויפגעראַמטע קליינע פּאַרקן מיט הוידעלקעס און שפּיל־פּלעצער. — עס וואָלט כדאי געווען דורכצושפּאַצירן נאָך אַ מאָל אינם נייעם נאָר וואָס באַשאַפענעם געגנט...

ער וועט דאָ דינגען אַ צימער. אָפּשפּאָרן פון קליידן און פון עסן... וואוינען אין שטילקייט, אין רו. און די לופט דאָ!... אַ פּאָר צענדליק מינוט שפּאַצירן איז ער ביים ים. אַ שפּילכל דער ים!... געזאַלצענע לופט זאָגן דאָקטוירים איז גוט פאַר די לונגען. די סאַמע איידלסטע געצייגן אין דעם שוואַכן מענטשן איז דאָס האַרץ און די לונגען...

ער האָט זיך שטאַרק דערפרייט דערזעענדיק אויסגעדרוקט אויף אַ טאָוועלע: אַ צימער צו פאַרדינגען. געבליבן שטיין לעבן דעם הויז, אָנגעקליבן קוראַזש. ער האָט אויסגעגלייכט די הוט אויפן קאָפּ, פאַרשטייפט דעם קנופּ פון שניפּס, איידל אָנגעקלונגען אין דער אונטערשטער גאַס־טיר...

באַלד האָט ער געהערט יונגע פלינקע טריט, שפּרינגענדיק אַראָפּ פון די טרעפּ. די טיר האָט זיך געעפנט און אַ יונגע מיידל אַ שעמעוודיקע, אַ שמייכלענדיקע, האָט אים שטיל געפרעגט וואָס ער דאַרף. זי האָט אים פאַרשעריש אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט איר געווען

באַקאַנט. אויך ער האָט געקוקט אויף איר. — אַזוי באַקאַנט איר פּנים!... אין דער זעלבער צייט האָבן זיך געהערט שווערע געלאַ־סענע טריט... מיין מאַ גייט! — האָט זי ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון אים...

באַלד האָט זיך געעפנט די טיר און אַ מיטל־יאָריקע פרוי איז געבליבן שטיין מיט פאַרוואונדערונג אין איר פּנים. — מאַמע מיינע! האָט זי אויסגעשריען כ׳קען שווערן אונזער אַמאָליקער שכן גאָלדמאַן. — יע. מאַ האָט זיך די כלה־מיידל געטוליעט צו דער מאַמען.

— איר האָט זיך פיין געעלטערט מיסטער גאָלדמאַן!... און גלייך חרטה געהאַט וואָס זי האָט געזאָגט... ווי אַזוי האָט איר געטראָפן צו אונז?

— דער צונג דערפרעגט זיך.

— אפשר וועט איר אַרויפגיין אַ ווייל צו אונז? האָט זי גע־זאָגט אָן אינערלעכן פאַרלאַנג...

ניין, אַ דאַנק! איך אייל מיך.

ער האָט זיך איידל געזעגנט, איז אַוועק אויסגעגלייכט, מיט גיכע מונטערע טריט. און וואָס ווייטער ער איז אַוועק איז זיין געמיט געוואָרן גרינגער און זינגענדיקער — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

# דער קאָטער

אינדערפרי ליגט זיך אויס דער קאָטער קעגן דער פיש־קראָם. זיין קראַנקן פּוס האַלט ער אויסגעצויגן. קוקט צו דער טיר, פון וואַנען פרויען טראָגן אַרויס פיש.

ער האַלט זיך שטיל, גיט אַ מרוקע, ער גיט בלויז אַכטונג אויף אַ ווילד אינגל, אַ הונט, להבדיל, ער טרייבט־אָפּ אַ זלידנע פליג. ער ליגט אין דער פּאָזע, ווי ער וואָלט גערוט. אָבער דער שפּיץ עק רירט זיך, — דאָס ווייזט ער איז אָנגערעגט... ער איז אויס־געריכנט נישט צו באַלעסטיקן דעם פישערמאַן. ער וואַרט געדולדיק אייִדער דער פישערמאַן טראָגט אַרויס אַ פישל. ער וואַרפט עס פון ווייטן. און דער הינקענדיקער קאָטער ווייזט נאָך גענוג פלינקייט, ספּריטנעקייט. ער כאַפּט דאָס פישל אין פליען...

דער פישערמאַן פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר מיט אַ שמייכל... דאָס לערנט דעם קאָטער, אַז ער וועט מאָרגן אויך קריגן... ער האָט דאָס פאַרדינט מיט זיין שטילן, פיינעם, אויפפירן זיך...

ער עסט אויף שנעל דאָס פישל.

איצט ווייסט ער, איז נישטאָ וואָס צו שטיין דאָ...

דער זעלבער פישערמאַן קען זיין גוט. אָבער מען קען פון אים אויך כאַפּן אַ פּסק.

האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַוועקגעהינקען צו זיין באַלע־באָסטע. אונטערגעקראָכן אונטערן אויטאָמאָביל. זיך אויסגעצויגן אין שאָטן, געשיצט פון פּאַסקודנע הינט, וואָס לויפן־דורך אַלע ווילדע די גאַס. בייזע חיות, זיי טשעפּען זיך פאַר גאָרנישט. ער האָט שוין נישט איינעם אָנגעשפּיגן אין די אויגן, די איינגעגעסענע גוט צעדראַפּעט. אונטערן אויטאָמאָביל כאַפּט מען אַ דרעמל. עס פאַרדייעט זיך דאָס עסן.

זיך אָנגעדרעמלט, אויסגעקייקלט, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, געצויגן, געפאַרשכעט. דערנאָך געלעקט אַ לאַפּקע, געוואַשן דאָס

פּנים. דערנאָך זיך דורכגעשפּאַצירט אין גערטנדל. אַ קאַץ, וואָס האָט זיך געפונען אין גערטנדל, האָט זיך אַדורכגעכאַפּט... ער איז געבליבן שטיין ווי אַ זיגער. דאָס הינקענדיק פּיסל אויפגעהויבן, מיט אָנגעשפּיצטע אויערן. כאָטש קעץ באַלאַנגען צו זיין ראַסע, קען ער נישט פאַרליידן זיי זאָלן זיך אַרומשלייען אינם גערטנדל. קאַרג גאַנעקעס זיינען דאָ! גאַסן ווינקלען.

פון די קאַמפן וואָס ער האָט פאַרפירט מיט קעץ, האָט ער זיך אָפּגעשפּאָרט זיין הינקענדיקן פוס. ער האָט זיך אַ שטיק צייט אַרומגעשלעפּט פאַרבונדן דעם פוס מיט אַ שמאַטע. די באַלעבאָסטע האָט עס פאַרזאָרגט.

אַרויס פון גערטנדל, האָט ער זיך דערנענטערט צום פענצטער. ער האָט לאַנג געקוקט אַנטקעגן, אָפּגעטראָטן אויף צוריק און אַ שפּרונג געטאָן. נישט פאַרפעלט. ער איז געבליבן זיצן אויפן געזימס. און מיט די גרינע אויגן אַריינגעקוקט דורך דער שויב, וואָס איז געווען פאַרהאָנגען. ער האָט אַ שטילן מיאַוקע געטאָן. נאָכן פיש האָט זיך געדאָרשט. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין שויב. זיך געדרייט, געריבן דעם רוקן.

די באַלעבאָסטע האָט געעפנט דאָס פענצטער. אַ גלעט געטאָן זיין קאַצענעם קאָפּ. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן ווען זי האָט געקראַצט זיין האַלדז...

אויסגעזשליאָקעט די מילך, איז ער פאַמעלעך אַראָפּגעשפּרונגען אויפן טראָטואַר.

די זומערדיקע נאַכט איז אַריבער כמעט רואיק. ער האָט געמאַכט שפּאַצירן צווישן די הייזער, שטילע אומעטיקע מיאַוקען אַרויסגעגעבן.

געזוכט פריינטשאַפט פון קעץ.

ס'האָט פּלוצעם זיך אויפגעוועקט זיין אור־וואַלד אינסטינקט. ער האָט זיך געדראַפּעט אויפן בוים און געבליבן זיצן אין אַ נעץ פון צווייגן אין לבנה־ליכט, ווי אַ פאַרצייטיקע בייזע לויערנדיקע חיה. אַראָפּקריכן איז אים אָנגעקומען שווער. ער האָט זיך איינגעדרייט אין אַ בייגל. איז אָנגעפאַרן דער מילכמאַן מיט אַ טראַסעקניש

פון וואָגן־פערד־קאָפּיטעס. דער מילכמאַן איז געשפּרונגען פון איין גאַנעק אויפן צווייטן. נישט איינס פון דעם קאַצן־פאָלק אויפגע־וועקט.

גיך איז אַריבער די נאַכט. מענטשן האָבן זיך באַוויזן. ער איז געזעסן רואיק מיטן רוקן צו דער וואַנט. אויפגעהויבן הויך דעם קאָפּ. ווען ס'האָט אים גוט פאַרקלעמט אין האַרצן איז ער אַוועק לעבן פיש־קראָם, זיך אויסגעלייגט מיטן קראַנקן פוס. ער איז נישט געבליבן קיין אָפּגענאַרטער... דער פישערמאַן האָט זיך באַוויזן און פון זיינע הענט — אַ בליציק פישל...

דער שטילער שבת איז געקומען. אַ טרויעריקער טאָג פאַרן הינקענדיקן קאָטער. ער איז לאַנג און געדולדיק געלעגן אַנטקעגן דער פאַרמאַכטער פיש־קראָם, פאַרלאָרן געדולד, האָט ער זיך געדראָפּעט און פאַרקוקט אינם גרויסן פענצטער — ליידיק, פּוסט. און דער ריח פון פיש שלאָגט אַרום דער טיר. ער האָט געמרוקעט, געוויינט. געהינקען אין מאַרשרוט אַרום דער פיש־קראָם...

און ביינאַכט איז דער קאָטער געלעגן ביי דער טיר פון פיש־קראָם איינגעדרייט אין אַ בייגל — איינגענורעט, איינגעקלעמט אין אַ שווערן הונגער.

ס'איז געווען שבת ביי אַלעמען. אַלע זאַטע און צופרידענע. אָבער די שטומע חיה, אַ פאַרגעסענע, האָט געהונגערט...

# אַ שבת אָוונט

גאָלדמאַן האָט זיך אויפגעהויבן פון בעט, פאַרקוקט דורך דעם פענצטער. אַ שטילע גאַס ציט זיך אונטן, טונקל באַלויכטן. פרעמדע מענטשן איילנדיקע אויףביידע זייטן טראָטואַרן. אַנטקעגן אַ סך באַלויכטענע פענצטער פאַרהאַנגענע, פאַר׳סוד׳עטע, כלומרשט „זיינע שכנים״.

אַ וואָך איז גאָלדמאַן אָפּגעזעסן ביי דער ניי־מאַשין. איבערן קאָפּ אַן עלעקטרישער לאָמפּ. דער שאָפּ ווי אַ פעלד! מענער און פרויען ביי די מאַשינען זיצן געבויגענע, פאַראַרבעטע. און דער פאָרמאַן יאָגט זיך אַרום אינם שאָפּ, אָנגעצילט די אויגן, אָנגע־שפּיצט די אויערן. די „תפילה״ פון אַרבעט איז אַ טיפע, אַ הייליקע. מען רעדט דאָ ניט. אויך טראַכטן איז אַ מורא... דער שטאָך ווערט שיטער און קרום און די נאָדל שטעכט זיך איין אין אַ פינגער... און דער שוויגנדיקער פאָרמאַן ווערט אַ שרייענדיקער לייב. און פון דעם אָפיס־שטייג לויפט אַרויס דער בעל הבית ווי אַ חיה פון וואַלד מיט אַ פייערל אין זיינע שטייענדיקע אויגן...

איצט איז שבת אָוונט. ער האָט זיך אַביסל אויסגערוט. אַפילו אַ דרעמל געכאַפּט. ער האָט אַ דריק געטאָן אַ קנעפּל און אין צימער איז ליכטיק געוואָרן. די ליכטיקייט האָט אים דערפרייט ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיך אין שפּיגל... די באַד און דער דרעמל האָבן ווי אויסגעווייכט, אויסגעגלייטערט זיין פּנים... עס איז אים אויך אומעטיק געוואָרן. אין דער ליכטיקייט האָט ער דערזען זיין קליין צימער. אַ צעמורשטע אויסגעבעטע בעט. ווענט, אַ טיר און אַ פענצטער. אַ קליין טישל, און אַ פּאָר פאָטאָגראַפיעס וואָס רעדן אויף אַ שטומער שפּראַך.

ער איז אַרויס שטיל פון צימער. פאַרשלאָסן די טיר. זיך אַראָפּ־געלאָזן מיט די טרעפּ אין גאַס. נאַכטיקע, דרויסנדיקע פרישקייט האָט אַ וויי געטאָן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, געקויפט אַ אידישע צייטונג. די גרויסע אותיות האָבן אַ וואַרעם געטאָן זיין האַרץ...

אין סאָבוויי האָט ער די צייטונג צענומען, פאַרנומען מיט וויטאָג די שלעכטע נייעס.

ער איז אַרויסגעשטיגן, געגאַנגען מיט די מחנות מענטשן דורך ליכטיקע טונעלן.

אַ ווײַלע אַרום איז גאָלדמאַן שוין געזעסן אין דער גרויסער קאַפעטעריע ביי אַ טיש מיט באַקאַנטע, וואָס האָבן אויך, ווי ער, זיך אַנגעמאַטערט אין די שעפּער. זיי האָבן פאַרלאָזן זייערע קליינע אומעטיקע צימערן און דאָ, אין דער גרויסער קאַפעטעריע, ביים קיילעכדיקן טיש אַנגעשטעלט מיט קאַווע און עסן, האָבן זיי ווי נאָענטע פריינט גערעדט, זיך געאַמפּערט, זיך דערציילט וויצן און מעשיות...

# אין פּאַרק

אַדאָלף איז געזעסן ביי אַ ווייטן טישל. אין דער געקילטער קאַפעטעריע.

אַ גלאָז קאַווע מיט אייז איז געשטאַנען לעבן אים, פון וועלכער צוויי געלבלעכע שטרויען האָבן זיך קרום אַרויסגעהויבן. ער האָט גערויכערט אַ סיגאַרעטל און געשלונגען דעם רויך מיט די נייעס פון דער צייטונג. פּלוצים האָט זיידנס פאַרשאַרכט לעבן זיין טישל, דראָבנע טריט... אַדאָלף האָט אָפּגעווענדט די אויגן פון דער צייטונג. „שאַרלאָט!" האָט ער אַרויסגעזונגען; און זיי האָבן זיך אַנגענומען פאַר די הענט.

— וואָס זאָל איך ברענגען, שאַרלאָט, אַ קאַלטן טרונק? פרוכט געקאָכטע? אפשר אַן אייז קרים?

— גאָרניט, אַדאָלף! איך בין צופרידן דיך צו זען. — און זי האָט געקוקט אויף אים באַרוישט. — זינט דו האָסט זיך באַוויזן אין שאַפּ געפין איך זיך אין אַן אַנדער וועלט. איך ווייס ניט וואָס צו

טאָן מיט זיך. טאָג נאָך טאָג, ווען דו פלעגסט אַרויסגיין פון שאָפּ, בין איך דיר נאָכגעגאַנגען ביזן באַן...

— שאַרלאָט שיינע! פאַנג זיך בעסער ניט אָן מיט מיר. ביסט אַן אָפיס־מיידל און איך בין אַ פּראָסטער אַרבעטער. איך האָב אַנדערע צילן. איך וויל דינען די אַרבעטער־מאַסן...

שאַרלאָט האָט אים איבערגעשלאָגן: — קום אַרויס אויפן גאַס וועלן מיר רעדן...

אין דרויסן האָט די שטאָט געלעבט: אָנגעצונדענע פענצטער, פאַרלעך געאָרמטע. שאַרלאָט האָט צוגערופן אַ טעקסי.

דורך די אָפענע פענצטער פון מאַשין האָט דער זומער ווינטל געגלעט, געהאָלפן וועקן פאַרלאַנגען, אויף וועלכע יונגע מענטשן לעגן אַרויף אַ שווערן קאָנטראָל.

אין „פּראָספּעקט פּאַרק" האָבן זיי אַראָפּגעשטיגן געטוליעט פּנים צו פּנים. זיי האָבן געזוכט וואָס אַ שמאָלער שטעגל, וואו די בוימער זיינען געווען געדיכטער. זיי זיינען איצט אַנטלאָפן פון מענטשן, פון דער וועלט. אפילו דער אָפענער הימל איז געווען אַ שטערונג...

ווען זיי האָבן זיך אַראָפּגעזעצט אויפן גראָז, האָבן זייערע אָטעמס געשלאָגן. זייערע הענט, די אָנגעגליטע, האָבן געציטערט...

זיי האָבן זיך געקושט ווי אָנגעלאָדענע וואָלקנס און געשפילט האָבן זיי זיך ווי אַ כוואַליע מיט אַ פעלז. — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

# פ ר ו כ ט

מיישקע איז געשטאַנען לעבן דער נייער קראָם, געקוקט אין דעם גרויסן פענצטער. אין פּאַרקאַשערטע זעקלעך האָבן אַרויס־געקוקט וועלשענע ניס, געלבלעכע, ווי דורכגעשלאָגענע מיט אייער. זייערע האַרטע, צערונצלטע הויטן, האָט מיישקע אויסגעטייטשט: זיי זיינען פון דער משפּחה ניס די קליגסטע... די טערקישע ניסלעך, ברוינע, ביי די שפּיצעלעך גרוילעכע מאָך, די קעפּלעך ברייט און נאַקעט. מיישקע ווייסט זיי קומען פון איין לאַנד מיט די באָקסערן און פייגן. אים ווילט זיך זיין אין יענעם לאַנד.

אויף קרענצלעך הענגען געטריקנטע שוואָמען, איינגעקאַר־טשעטע, פּאַרדאַרטע, ווייסע בייכלעך, טונקל ברוין זייערע פּלייצעס.

שיפּטאַלן, איינגעפּרעסטע אין אַ הילצערנער אָפענער קעסטל. מיישקע פאַרגלייכט די גרינסן וואָס וואַקסן אין די היגע גערטנער. לאַכט ער אויפן קול... רויטע מערן, בלויע בוריקעס, ציבעלעס מיט זיבן הויטן. זיי זיינען שיין, אָבער דער טעם פון זיי איז פּראָסט. אָפילו פונם העכערן סאָרט פּרוכטן — קען מען פאַרגלייכן אַגרעסן צו ווייַנטרויבן? פלוימען צו שיפּטאַלן? עפּל צו פּאָמעראַנצן?... ער קען זיך ניט אָפּקוקן אין גרויסן ליכטיקן פענצטער אויף די אָפּעלצינען. זיי טראָגן פייערדיקע גראָבע העמדער מיט קליינינקע אָנגעשטאָכענע לעכעלעך, אויסגעבעט מיט אַ פייכטקייט. מיישקע ציט שטאַרק דעם אָטעם. ער פילט דעם דינעם ריח פון די זעלטענע פּרוכטן...

די אָפּעלצינען ליגן האַלב איינגעטוליעטע אין ראָזע דינע פּאַ־פּירלעך; אויף זיי איז אויסגעשפּרייט די רייכקייט און שיינקייט פון יענע ווייטע וואַרעמע, שיינע לענדער...

און ווי עמעצער האָט מיישקעס האַנט אַ שטופּ געטאָן... ער האָט געעפנט די טיר פון דער נייער קראָם און געבליבן שטיין אַ צעטומלטער.

און ווען אַ הויכער מאַנספּערשוין האָט אים איידל געפרעגט וואָס ער וויל, האָט מיישקע אַרויסגעשעפּט טיף פון קעשענע אַ קופּערנע מטבע...

---

מיישקע האָט שטאָלץ אַרויסגעשפּאַצירט פון דער נייער קראָם מיט אַ לאַנגן טרוקענעם באָקסער. ער האָט געפילט אַז ער איז געווען פאַר אַ ווײַלע אין יענע ווייטע, וואַרעמע, רייכע לענדער...

# דער אינגל און די פרוי

מעלווין איז געגאַנגען אויף דער קרומער סטעזשקע דורכן פּאַרקל איינצושפּאַרן וועג. ער איז געגאַנגען אַן אויפגעוואַכטער, מיט אַ קלאַפּענדיק האַרץ. שרעק און נייגיר האָט זיך אויסגעמישט אין זיין טראַכטן.

אַרויס פון פּאַרקל אויף דער ברייטער, ליכטיקער גאַס, איז אים גרינגער געוואָרן. ער האָט ניט געהאַט קיין געדולד זיך דערוואַרטן אויף אַ רויטן סיגנאַל. ווי אַ יונגער פויגל האָט ער דורכגעשוועבט צווישן די קאָכיקע לויפנדיקע מאַשינען, זיך אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע, געווישט דעם פּנים מיט דער נאָז־טיכל, דורכגעגאַנגען, ווי מיט אַ קעמל, מיט פינף צענומענע פינגער איבער זיין קוטשמע אויפן קאָפּ. ער האָט זיך פאַרנומען צו דעם ברייטן, הויכן, פיל־פענצטער־דיקן מויער — געפונען איר נאָמען אויף דער וואַנט אין דראַבנער ווייסער שריפט און האָט דריי מאָל געדריקט דעם שוואַרצן קנעפּל.

באַלד איז געקומען אַן ענטפער אין דער שווערער פאַרשלאָסע־נער אוטערשטער טיר, דער ענטפער איז געקומען פון דער הויך פון דעם אָפּגעזונדערטן צימער פון דער פרוי...

די טיר צו וועלכער ער האָט זיך שטיל צוגעשאַרט איז געווען אויף אַ שפּאַרונע אָפּן. ליכט און סודות האָבן אויף אים אַ שטראָם געטאָן. ער האָט זיך אַריינגעגליטשט אין פרעמדן צימער ווי אַ

גנב. און די טיר האָט זיך הינטער אים פאַרהאַקט. ער איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין אָן לשון מיט ווילדער פאַרשעמטקייט אויף זײַן פּנים...

זי איז געלעגן אויסגעצויגן אויף אַ קאַנאַפּע. טונקל אַרײַנגענומען אין אַ שײַן האָט געברענט לעבן איר אַ לאָמפּ. זי האָט געקוקט אויף אים פרײַ, אָפן, מיט אַ ליבן ווײַכן שמייכל. זי האָט אים געגלעט פון ווײַטן מיט אירע וואַרעמע קלוגע אויגן...

מעלווין האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויפן ערשטן שטול לעבן טיר. ער האָט געפילט, ווי די ווענט פון צימער האָבן זיך גענומען דרייען, און אין זײַנע אויערן האָבן געקלונגען גלעקלעך...

# כריין

בערל האָט זיך פאַרנומען צום פעלד, וואָס איז געלאָפן ווײַט אָן צאָם. די גראָזן, אָפּגעגרייזשעטע, האָבן געדיכט און נידעריק באַדעקט דאָס פעלד מיט פײַכטער האַרבסטיקער גרינקייט. בערל האָט געזוכט צווישן די גראָזן די כריין־געוויקסן.

ער דערקענט די נידעריקע, ברייטלעכע בלעטער, וואָס ליגן פאַרבאָרגן צווישן די גראָזן צוגעפּליעטשעטע צו דער ערד.

ער אַרבעט שנעל מיט דער קאָפּאַטשקע, גראָבט אַרום די ערד, דעקט־אָפּ דעם ווילדן, ביטערן כריין־שטעקן. ער ציט דעם כריין־שטעקן, וואָס איז פול מיט בראָדעווקעס־אָנוואוקסן און מיט פעדעם גראָבע צוגעקניפּט צו דער ערד.

באַלד דערזעט ער אַ גאַנצע משפּחה פון כריין־בלעטער, פאַר פרייד גיט ער אַ שפּרונג; ער גראָבט אַרום די כריין־שטעקנס און ציט זיי מיט געניטקייט און מאָס, ווי טיפע קאָרקעס פון פלעשער ווײַן.

די כריין צולייגט ער אין פיר בינטלעך. אויסגעמאַרקירט, אויסגעטיילט, עס זאָל אומעטום זײַן גלײַך.

ער האָט זיך אַוועקגעלאָזן אין דער ברייטער גאַס צו דער גביר'טע; זיך דאָרט ניט געלאָזן אַראָפּקוועטשן אַ פּרוטה — דריי קאָפּיקעס אַ בינטל ניט אַנדערש פאַר אַזעלכע אויסגעפּאַשעטע כריין.

און פאַר די צוועלף קאָפּיקעס די איינגעלייזטע האָט בערל איינגעקויפט צוויי פונט האַרטע קאַסקעס צוקער. די צוקער האָט ער טיף פאַרבאָרגן אונטער דער בורקע, און געשפּרייזט דורכן פעלד אַ דערוואָרעמטער, אַ דערפרייטער, אַ גליקלעכער אַהיים...

# דער רייכער אָנקל

פאַרנאַכט, איז לייבע איר אָנקל אָנגעקומען. מיטן גאַנצן געשטעל, ווי אַ גרויס־שטאָטישער, איז ער אַריינגעקומען אין זיסל'ס שטוב. ער האָט געקושט זיסלען אויףביידע באַקן. אויך נישט פאַר־זען די זין אירע... יוסף'ן האָט ער ווייך געקניפּט, און שליימקען, ווי אַן עלטערן, געגלעט איבערן קאָפּ. ער האָט אָנגעשעפּט זילבער־געלט פון זיין קעשענע, איינגעטיילטביידע אינגלעך. דערפרייטע האָבן זיי זיך צעלאָפן אין די קראָמען... און זיסל, בלייבנדיק מיטן אָנקל אַליין אין שטוב, האָט זיך גערויטלט...

זי האָט צוגעטראָגן אַ שיסל וואַרעמע וואַסער, אַ האַנטוך. אים געהאָלפן אויסטאָן דעם אויבערשטן בגד.

און ער, לייבע, אַ צעוואַקסענער איד, האָט זיינע פלינקע סוחר'ישע אויגן געלאָזן רוען אויף זיסלען, ווי אַן איבערגעגעבענער אָנקל, וואָס מיינט נאָר איר טובה... אָבער מאָדנע! — זיסל האָט געפילט פון זיין קוקן קאַלט און וואַרעם, — ווי אַ פרוי וואָס קען אונטערשיידן דאָס אַריינקוקן פון מאַנסבילישע אויגן. און זי האָט מאַרקירט צו זיין וואָס מערער אין קיך...

זי האָט צוגעטראָגן פאַטראַווע נאָך פאַטראַווע. און ער האָט געגעסן ווי פון דערוועגנס... געלויבט איר עסן אין הימל... און זי אָנגעכאַפּט ביי די הענט. — וואָס זאָגסטו זיסל! איך וועל דיין שליימקען מיטנעמען. ער וועט דינען ביי מיר אין געשעפט. עסן

מיט מיר ביי איין טיש. אויך אַ גילדן אין קעשענע... ער וועט אונטער מיין השגחה אויסוואַקסן אַ לייט.

זיסל׳ס האַרץ איז געווען דערפרייט. אַלע מאַמעס וועלן איר מקנא זיין. אָבער אויך אומעטיק איז איר געוואָרן: דער רייכער אָנקל וויל אַוועקרייסן ביי איר דעם עלטסטן זון. מיט וועמען וועט זיך יוספ׳ל שפּילן?

— אָנקל! האָט זיך זיסל אָפּגערופן אונטערטעניק: — איך בין ניט דאַקעגן. פאַרקערט, וואָס וואָלט פון אים געוואָרן ביי מיר? ס׳איז אָך און ווי, אַז די מאַמע דאַרף אויך זיין דער טאַטע!...

שפּעט ביינאַכט, האָט זיסל איינגעפּאַקט שליימקעס העמדער, זאָקן, נאָז־טיכלעך. די הענט האָבן זיך איר געטרייסלט, און די אויגן פאַרלאָפן מיט טרערן...

זי איז אַריין אין קאַמער, וואו אירע קינדער זיינען געשלאָפן. די לבנה, אַ פולע, האָט אַריינגעשיינט דורכן פענצטער. דער אָנקל איז געלעגן אויפן פלייצע האַלב אָפּגעדעקט.

זי איז שטיל צוגעגאַנגען צו אירע שלאָפנדיקע קינדער. די ברידער זיינען געלעגן אַרומגענומען מיט זייערע יונגע וואַרעמע הענט.

די מאַמע איז געשטאַנען ביי זייער בעט. איר האָט זיך געדוכט, אַז די נאַכט וועט זיך ניט ענדיקן. און דער אָנקל וועט אייביק אַזוי שלאָפן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# די הערשערין

אַלע שלאָפֿן נאָך אין די בעטן פֿאַרטונקען אין שלאָף. חוץ פֿאָולע, די דאַרע קליינע באַלעבאָסטע, וואָס גענעצט הויך אויפֿן קול. זי כאַפּט זיך אַראָפּ פֿון בעט אַן אָנגעלאָדענע, אַ בייזע.

זי נעמט גלייך רודערן: — הערי! שטיי אויף!

זי שלעפּט פֿון אים די דעקע, כאַפּט אים אַרויס פֿון בעט אַ פֿאַרשלאָפֿענעם ,אַ פֿאַררויטיקטן, אַ וואַרעמען. שטעלט אים אויף אין בעט ווי אַ געטש... אַ וויינענדיקן טוט זי אים אָן. זי בויגט איין זיין יונגע צעפּודלטע קעפּל אונטערן צעעפֿנטן קראַן. פֿון קאַלטן וואַסער ציטערט ער... אָבער ווען זי וויקלט אים אין אַ וואַרעמען האַנטוך, לייכטן זיינע יונגע אויגעלעך אויף... זי זעצט אים ביים טיש און זאָגט אים האַרב:

— זאָלסט אַלץ אויפֿעסן...

זי רודערט פֿון איין צימער אין צווייטן. זי צעפּראַלט די פֿענצ־טער, שיסט אַרויף די פֿאַרהאַנגען.

פֿונם גערודער וועקט זיך איר מאַן.

— וויפֿיל איז דער זייגער, פֿאָלע?

— שוין צייט אויפֿשטיין! דער עסן אויפֿן טיש ווערט קאַלט.

זי לאָזט שפּילן די ראַדיאָ אויף הויכע טענער: אירע זין מילטאָן און טשאַרלי צו אויפֿרייסן דאַרף מען פּויקן...

אין קיך ברענט דער עלעקטרישער לאָמפּ. ביים קליינעם טישל זיצט דער מאַן און די צוויי זין. זיי עסן גיך און שווייגנדיק... דער ערשטער הויבט זיך אויף דער מאַן.

— קום ניט שפּעט אַהיים, — קוקט אים נאָך פֿאָלע...

ווען ער איז שוין אויף יענער זייט טיר, שרייט זי אים נאָך:

— קויף מיר איין אַ פּאָר פֿונט פֿיש...

ווען דאָס הויז ווערט ליידיק פֿון די מאַנסביל, ווערט פֿאָלע אַן אַנדער מענטש. ווי אַ פֿרייער פֿויגל טראָגט זי זיך אַרום אין די פֿיר צימערן.

זי איז ווי אַ הערשערין פֿון אַ קליינער מלוכה...

# פאַרדונגען אַלע צימערן

מיסעס לעווין האָט איינגעקויפט זעמל, מילך און אַלערליי גרינסן.

„עס שניידט זיך אויף אַ הייסן טאָג", האָט זי צו זיך געזאָגט. „אין ניו־יאָרק וועט היינט זיין ווי אין אַ קאַלך־אויוון. עס וועט זיי גוט אַ ברי טאָן, וועלן זיי קומען לעבן ים... איך וועל זיי אין די פיר צימערן מיינע אָנפּאַקן ווי הערינג. זיי וועלן ביי מיר שלאָפן אין קיך. אַלץ בעסער ווי זיך פּרעגלען אין ניו־יאָרק..."

זי איז אַריין אין איר היים. אָפּגעסאָפּעט זיך פון דער היץ, האָט זי געוועקט די צוויי טעכטער אירע, וועלכע זיינען געשלאָפן אין איין בעט.

די שוועסטער זיינען געלעגן האַלב אָפּגעדעקט. זייערע נאַקעטע אָרעמס און הוילע פיס האָבן ווי געשפּרייט ליכט און רייכקייט אין דער אָרעמער היים.

די שוועסטער האָבן זיך געטשוכעט און זיי האָבן זיך אויפגעזעצט אין בעט. אויף זייערע באַקן האָט געשפּילט פרימאָרגנדיקייט און יונגער חלום... זיי האָבן געקוקט אויף דער מאַמען לאַכנדיקע און ליבנדיקע. זיי האָבן זיך געשפּילט מיט דער מאַמען, האָבן זיך אַרומגעיאָגט אויף די שפּיץ־פינגער ווי האַלב־הוילע טענצערינס, ביז די מאַמע האָט אויף זיי אָנגעשריען: „דער זייגער שטייט ניט!..."

מיסעס לעווין איז צוריק אַרויס אין גאַס זען צי די „ניו יאָרקער פויגלען" קומען שוין אָן... יאָ, זיי קומען אין מחנות, די איילנדיקע פאַרשוויצטע מענטשן...

זי שטעלט אָפּ אַ פּאָרל:

— אפשר אַ צימער? ביליק, ריין, לעבן ים, קאַלטע און וואַרעמע שפּריצן.

אַריינגעפירט דאָס פּאָרל אין איר היים, זאָגט זי:

— אייער גוטער מזל, וואָס איר זענט פון די ערשטע. קלייבט זיך אויס אַ צימער. איך וועל אייך ניט באַרייסן.

זי האָט אָפּגעשלאָסן איין טיר, אַ צווייטע; ביים דריטן צימער האָט זיך דאָס יונגע פּאָרל שטיל אַ רעד געטאָן צווישן זיך...

— דאָס צימערל איז מיר געפעלן.

— יאָ, — האָט דער יונגערמאַן פּאַטאַקעוועט.

— וויפיל וועט אונז קאָסטן דער פאַרגעניגן? — האָט דאָס יונגע ווייבעלע, מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן, אַ פרעג געטאָן.

מיסעס לעווין האָט אויסגעשפּרייט די פינף פינגער פון איר רעכטער האַנט... און ניט צי געבן קיין געלעגנהייט דאָס יונגע פּאָרל זיך צו דינגען — האָט מרס. לעווין זיי אין נדן אַריינגעגעבן די קיך און דעם אייז־באָקס.

דאָס פּאָרל האָט ווידער שטיל אַ רעד געטאָן צווישן זיך... און דער יונגערמאַן האָט אַרויסגענומען פון זיין בוזעם־קעשענע אַן אויפגעלייגטן לעדערנעם טייסטער...

דער טאָג איז געווען אַן אומדערבאַרעמדיק־הייסער, איבערן גאַנצן ברעג פון ים האָבן מענטשן געלאַגערט ווי אויף אַ שלאַכט־פעלד.

און שפּעט ביינאַכט איז מיסעס לעווין געזעסן אויפן גאַנעק פון איר היים אַ דרעמלענדיקע אוןביידע טעכטער אירע מיט איינגע־נורעטע קעפּ אין איר שויס...

# בליומקע׳ס חבר׳טע

לאַזאַר איז געזעסן ביים פענצטער. די באַן האָט געיאָגט. פעל־דער, בוימער, ווייטקייטן האָבן זיך אויסגעוויקלט און פאַרשוואונדן. די רעדער האָבן געביסן די רעלסן, געקלאַפּט איבער זיי. דער לאָקאָ־מאָטיוו האָט ביי יעדער בריק און סטאַנציע געפייפט און געביטן זיין גאַנג.

לאַזאַר האָט זיך ניט געקענט איינזאַמלען טראַכטן איין זאַך. ער האָט געוואָלט קלערן פון זיין שכנה, בליומע; ניט בליומע, נאָר בליומקע!... זינט זי האָט זיך אַריינגעקליבן ביי זיין שוועסטער, האָט ער זיך אינגאַנצן געביטן, געוואָרן אַ הויז־זיצער...

עס דערמאָנט זיך אים: ער איז איינמאָל געקומען זייער שפּעט אַהיים, אויף גיך זיך אויסגעטאָן. מיט אַמאָל האָט זיך בליומקע באַוויזן אַ באָרוועסע מיט צעפּלייצטע רויטע האָר. זי האָט זיך געזעצט אויף זיין בעט, דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן און געשוויגן. און ער, לאַזאַר, האָט געהאַלטן זיינע הענט געבונדן אונטער דער דעק. ער האָט אַפילו ניט געהאַט אויפן צונג אַ וואַרעמען וואָרט...

— לאַזאַר, איר זענט אַ שטיין! —האָט זי פּלוצים אויסגעשריען.

יענע נאַכט, געדענקט ער, איז ער פיר מאָל אַראָפּ טרינקען וואַסער... ער האָט לאַנג געקוקט אויף דער פאַרהאַקטער טיר — יאָ, זי האָט אים ליב. ער איז שוין געווען אַזוי זיכער אין איר ליבע צו אים, אַז ער האָט שטיל פאַר זיך גענומען זינגען...

ער האָט געטראַכט: אין די בערג וועט ער זיין אַ טאָג צוויי. ער וויל זען וואָס גיכער בליומקען. ער קען זי שוין אַ לאַנגע צייט... זי איז אים אַלע מאָל געווען געפעלן. פאַרוואָס איז ער קיינמאָל ניט געוואָרן נעענטער מיט איר? צוליב זיין שוועסטער. זי איז אַ פאַר־טראַכטע, אַן איינזאַמע, אַן אָפּגעשלאָסענע...

די באַן האָט צוויי מאָל געפייפט און דער קאָנדוקטאָר האָט אויסגערופן די סטאַנציע...

עס איז געווען פאַרנאַכט, ווען לאַזאַר איז צוגעפאָרן צו דעם זומער־פלאַץ. פון אַ הויכן באַרג האָט אַראָפּגעקוקט אַ ווייסע ברייטע הויז, מיט גרויסע פענצטער. דאָס הויז איז געשטאַנען אַרומגע־גאַרטלט מיט קאָלאָנען און גאַניקעס. די געסט, פלאַטערנדיק אָנגע־טאָן, האָבן געשפּאַצירט אַרום הויז, געוויגט זיך אויף די שטולן.

לאַזאַר האָט זיך געהויבן מיט די טרעפּ אויפן באַרג. אַ מיידל איז אים געלאָפן אַנטקעגן. דאָס מיידל איז אַרויפגעפאַלן מיטן כוח פון באַרג־אַראָפּ אויף אים... ער האָט זי קוים אויפגעהאַלטן.

— וואָס מאַכט איר, לאַזאַר? וואָס מאַכט בליומקע? איר רעכנט לאַנג שטיין דאָ? מיין גאָט! וויפיל שטויב עס איז דאָ אויף אייך! קומט אַרויף, וואַשט אייך אַרום פון וועג. איך וועל אייך באַקענען מיט דער געגנט.

שפּעטער איז לאַזאַר מיט בליומקע׳ס חבר׳טע געגאַנגען איבער שמאָלע וועגעלעך. זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַר די הענט. עס איז געווען נאַכט. די בערג זיינען געשטאַנען מאַסיוו אויפגעגאָסן. דער הימל, מיט לאַנגע רויטע פּאַסן, האָט געוויזן אויף ווינטן.

— אמת, דאָ איז שיין, לאַזאַר? — האָט די מיידל געזאָגט — עס איז אַ שאָד, וואָס בליומקע איז דאָ ניטאָ. ווען איר ווייסט, לאַזאַר, ווי איך האָב זי ליב...

די האַרציקע רייד פון בליומקע׳ס חבר׳טע זיינען געפאַלן אויף זיין גומען, ווי טראָפּנס וויין... ער האָט שטאַרק צוגעדריקט בליומ־קעס חבר׳טע צו זיך. זי האָט אים געענטפערט מיט שטילע קושן.

די בוימער האָבן געראַוישט, נאַכטיק געברומט, די שפּיצן בערג האָבן זיך געטונקט אין ווייסן נעפּל. ערגעץ אַ הונט האָט געבילט צוצויגן.

לאַזאַר און בליומקעס חבר׳טע זיינען געזעסן טיף אין גראָז, ווי פאַרגעסענע פון דער גרויסער וועלט...

# געפלויגן

פרומקין האָט זיך געאײלט צום וואָקזאַל. ער טאָר ניט מאַרודיען, ער וועט פאַרשפּעטיקן די חופּה. פינף שעה נעמט די יאַזדע מיטן באַן. שוין אויס מלחמה! און די באַנען זײַנען איבער־געפּאַקט.

נאָענט בײַם וואָקזאַל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. אײַנגעקויפט אַ פּעקל סיגאַרעטן, אַ צײַטונג. איבער דער ערשטער זײַט פון דער צײַטונג איז געווען אָפּגעמאָלן אַן עראָפּלאַן מיט פיר קײלעכדיקע נעזער...

ס'איז אים אײַנגעפאַלן פרעגן אויף אַ שפּאַס, צי קען ער גלײַך פליען אין באָסטאָן?...

ער האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויף די פאַרנדיקע טרעפּ, זיך געהויבן העכער, העכער. געפילט ס'איז דער אָנפאַנג פון פליען...

אַ יונגע מײדל, אַ שמײכלענדיקע, האָט אים געפרעגט וואו ווינטשט ער צו פליען?...

— אין באָסטאָן! — האָט זײַן קול זיך פאַרהאַקט און זײַנע אויגן האָבן געקוקט מיט שרעק אויף דער צאַרטער מײדל, ווען זי האָט שטיל געמורמלט דורכן טעלעפאָן־טרײַבל...

— יעס, מיסטער! — האָט זי אַרויסגענומען אַ ביכעלע מיט שמאָלע, לאַנגע אויסגעשטעמפּלטע בילעטן.

— איך פלי דעם ערשטן מאָל — האָט ער געקוקט אויף איר, ווי געבעטן הילף...

זי האָט אים געטרײסט: — עס געדויערט פופציק מינוט. מען זיצט אין דער לופט־שיף זיכער ווי אין דער הײם, מיט אַ פּאַפּיראָסל און אַ צײַטונג.

דעם בילעט האָט זי אַרײַנגעלײגט אין אַ קאָנווערט, אויף וועלכן ס'איז געווען אָפּגעמאָלן אַן עראָפּלאַן.

אַרויס פון דער געביידע, וואָס האָט געהאַט פיל אַרויסגאַנגען. באַלד איז אויסגעוואַקסן אַ מאַן אָנגעטאָן אין אַ מונדיר מיט גלאַנציקע מעשענע קנעפּ. געפרעגט צי ער פאָרט צום פלי־פעלד.

זיך אַריינגעזעצט אין דער גרויסער שוואַרצער מאַשין, איז פרומקין געזעסן ווי אויסגערונען. אַזעלכע גרויסע שוואַרצע אויטאָמאָבילן טראָגן זיך צו בית־עולמת... און די מענטשן וואָס זיינען געשטאַנען אָנגעשפּאַרט צו דער שוואַרצער לאַנגער מאַשין — אין זייערע אויגן האָבן געציטערט טרערן.

ווען די מאַשין האָט זיך גערירט, זיינען די באַגלייטער געבליבן שטיין אין אַ קופּקעלע. זייערע פּנים׳ער האָבן אויסגעדריקט צער, אומעט, און שטומער געזעגענען אין זייערע פאַרוואונדערטע צעשראָקענע אויגן...

פרומקין האָט פאַררויכערט אַ סיגאַרעטל און זיך געמונטערט: דערוויל איז ער אויף דער ערד אין דער וועלט־שטאָט ניו יאָרק!...

ער האָט אַרויסגענומען די איינלאַדונגס־קאָרט — זיין קוזינע האָט חתונה היינט אָוונט, ער וויל זי זען אונטער דער חופה אין דער ווייסער לאַנגער קלייד מיט דער גירלאַנדע. ער וויל זי זען אין די גליקלעכסטע מינוטן, פון וועלכע זי וועט טראַכטן דעם גאַנצן לעבן... ס׳איז גוט וואָס ער האָט געהאַט קוראַזש צו פליען. באַלד, באַלד וועט ער זיין אין די הימלען ווי אַ פויגל...

מען פליט שוין פון איין לאַנד אין צווייטן, איבער די העכסטע בערג, מדבריות און ימ׳ן. דער טערמאָמעטער, קאָמפּאַס, זייגער און מאָטאָרן — אַלע געווערן פון דער גרויסער פליענדיקער מאַשין דינען דעם מענטשן.

דער שוואַרצער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט. די פּאַסאַזשירן האָבן אַרויסגעשטיגן. אויף אַ ברייטן שטח געפלאַסטערט מיט קאָנקריט זיינען געשטאַנען עראָפּלאַנען ווי גרויסע זילבערנע בינען און געזשומעט. אַן עראָפּלאַן האָט נאָענט און נידעריק געקרייזט זיך אַראָפּצולאָזן. דער עראָפּלאַן איז לאַנג נאָך געלאָפן אויף די נידעריקע גומענע רעדלעך, און די היץ פון זיין מעטאַלענעם קערפּער האָט ווייט געשלאָגן. אַרבעטער, באַדינער אויף וועגעלעך האָבן

אַרומגערינגלט דעם עראָפּלאַן. און פון דער אָפענער טיר אויפן בריקל זיינען אַרויסגעשטיגן מענער, פרויען און קינדער. פרומקינען האָט זיך געדוכט— זיי זיינען ניט קיין ערדישע מענטשן... ער איז זיי שטאַרק מקנא געווען, וואָס זיי זיינען שוין אויף דער ערד. און ער פּאַקט זיך איצט אַריין אין אַ מאַכינע מיט פּאַרגליווערטע פליג־לען, מיט דעם עק און קאָפּ, און קליינע פענצטערלעך ווי אויגן, און די מעטאַלענע חיה זיצט און קאָכט...

ער זיצט שוין אין אַ ווייכן שטול, און אַ יונגע מיידל, אַ באַדי־נערין, בינדט אים שוין איין מיט אַ ברייטן לעדערנעם פּאַס צום שטול. זיין האַרץ שפּרינגט אין אים...

דער עראָפּלאַן קירעוועט זיך אויפן פעלד. זיינע מאָטאָרן רוישן, שרייען, ווי אַ גרויסע פּאַרצייטיקע חיה אין געבורט־ווייען.

מיט אַמאָל האָט זיך דער עראָפּלאַן אויפגעהויבן, פליט איבער הייזער, העכער, העכער!...

די הייזער זיינען געוואָרן קעסטלעך. די גאַסן סטעזשקעס, ווירעס. באַלד איז אויס ביו יאָרק געוואָרן. דער עראָפּלאַן שווימט אין רויך...

— מיר זיינען אין די וואָלקנס! — האָט זיין שכן טריאומפירט.

פרומקין האָט אַ זייטיקן קוק געטאָן אויף דעם אַלטן. זיינע אויגן שמייכלען, ער רייבט די הענט מיט גדולה... ער רופט זיך אָפּ מיט אַ שמייכעלע — ס׳איז ניט קיין פערד און וואָגן...

באַלד האָט זיך באַוויזן בלויער הימל אָן אַ וואָלקן לאַטע. הימל און הימל, ברייט, הויך. אויס פויגל, חוץ אַ ברודער עראָפּלאַן פליט נאָך העכער און בליצט קעגן זון.

די יונגע מיידל באַדינערין האָט זיך באַוויזן מיט אַ שמייכל. זי האָט איינגעשטילט אַ קליין קינד, וואָס האָט שטאַרק געוויינט. זי האָט געטרייסט דער מאַמען: — נאָך צען מינוט וועט דער עראָ־פּלאַן לאַנדן. און זי האָט אַלעמען איינגעטיילט שטיקלעך טשואינג־גאַם.

יאָ, דער עראָפּלאַן האָט זיך צוריק אַריינגעלאָזן אין רוים. אַרויסגעשוואומען פון די וואָלקנס, האָבן זיך באַוויזן סימנים פון

וואַסערן, ערד, בוימער, אויפגעגאָסענע. יאָ, מ׳זעט שוין הייזער־קעסטלעך. דער עראָפּלאַן קרייזט שוין נידעריק. די מאָטאָרן האָבן אויפגעהערט רוישן.

ווען פרומקין האָט באַטראַכטן דעם האַרטן קאָנקריט, האָט ער זיך געפרעגט: — איז דאָס אמת? צי אַ חלום?

די פרייד פון לעבן האָט אויף אים געשלאָגן. ער איז געשטאַנען באַרוישט, פאַרוואונדערט.

מיט אַמאָל האָט זיך באַוויזן אַן עראָפּלאַןביים האָריזאָנט. אַ מעכטיקער פויגל האָט זיך געצייכנט. אין די מינוטן גענאָענט און גענידערט...

באַדינער זיינען אַנגעלאָפן. מען האָט זיך געפּאָרעט... און איבערן בריקל האָבן זיך שוין באַוויזן די פּאַסאַזשירן אין שערענגע...

פלוצים האָט פרומקין אויפגעזוכט: — טייבל, שיינע, ליבע, האַרציקע! געקומען אויף דער חתונה? וואָס טוט זיך אין שי־קאַגאָ?...

זיי האָבן זיך גליקלעך געקוקט אין די אויגן. זיי זיינען גע־שטאַנען געהאַלזט, געטוליעטע, ווי פאַרליבטע פויגל, אַראָפּגע־נידערט פון די הימלען.

# אַ פאַמיליע

פערלמוטער האָט אָנגעקלונגען מיט זיכערקייט, מיט קראַפט, ווי אין אַן אייגענער היים... אין טיר האָט אים באַגעגנט זיין שוויגער. ער האָט זי שמייכלענדיק באַגריסט און גלייך ניט פאַר־פעלט פרעגן: איז קלאַרע אין דער היים?

— וואו זאָל זי זיין, זיסער איידעם מיינער, וואָס רייסט אַזוי דעם גלעקל. מיר זיינען טויבע?...

פון אַ זייטיקן צימער האָט זיך באַוויזן דער שווער מיט אַ הוילן צעקודלטן גרויען קאָפּ, אין די זאָקן. — ני, וואָס מאַכט מען? וואָס האָט מען געהערט?

— וואָס קען הערן און זעען אַן אַרבעטער?

— מען לאָזט דיך ניט זיין קיין רב! — האָט דער שווער געלאַכט מיט אַ הוסטל...

— גייט צום טיש, איר וועט זיך נאָך די נעזער אָפּבייסן, — האָט זיך די שוויגער אַריינגעמישט.

ביידע מאַנסבילן האָבן זיך אָוועקגעזעצט אָפּגערוקטע, פאַרטיפטע אין די צייטונגען, זייערע פּנים׳ער פאַרשאָטנט...

צום גליק האָט זיך באַוויזן קלאַרע, אַן אויסגעצוואָגענע, אַ פאַרקאַמטע. זי האָט זיך איבערגעבויגן, צוגערירט די ליפּן צום טאַטנס קאָפּ, אַראָפּגענומען דעם הוט פון איר מאַנ׳ס קאָפּ. — וואָס בלאָזטו זיך ווי אַן ענדיק? הויב־אויף די אויגן פון דער צייטונג, גיב אַ קוק אויף דיין באַשערטער אויף דיין ווייב! ביסט ניט דער איינציקער וואָס אַרבעט, נעבעך...

פערלמוטער האָט אַראָפּגעשאַרט די צייטונג, אַ קוק געטאָן אויף זיין ווייבל מיט אַ שמייכל.

— וואָס בייזערסטו זיך, קלאַרע? כ׳האָב דיר עפּעס קרום געזאָגט?

— ער דאַרף נאָך קרום זאָגן. עס פעלט נאָך אים צו די גוטע מעלות... — האָט זיך קלאַרעס מאַמע אַריינגעמישט.

אויך דער שווער האָט קאָלט און קרום אַ קוק געטאָן אויפן איידעם...

אַ ווײַלע אַרום האָבן ביידע ווייבער געגרייט דעם טיש. די מאכלים האָבן פאַרשמעקט, און די דינע פאַרע האָט איינגעהילט און פאַרהויכט די עטלעכע מענטשן ווי אויף אַ פּאָרטרעט פון אַ גרויסן מאָלער...

# די צייטונג

פלאָרענס האָט איינגעקויפט זעמל, לאַקס, פּוטער און אַ צייטונג. איילנדיק איז זי אַריין אין הויז, אָנגעצונדן די גאַז, פריי־געלאָזן דאָס וואַסער פון קראַן, איבערן קיך־טישל פאַרשפּרייט אַ טישטוך, אויסעגלייגט אַ מעסער, אַ גאָפּל, אַ קליין לעפעלע. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן די צייטונג... נאָר איידער־וואָס־ווען, האָט זיך באַוויזן איר מאַן, פעלדמאַן.

— גוט מאָרגן, פלאָרענס!

זיך געזעצט ביים טיש, צוגעשאַרט די צייטונג, און ניט דער־טרינקענדיק די קאַווע און איבערלאָזנדיק די צייטונג, איז ער שטיל אַרויס פון הויז.

פלאָרענס האָט אויפגעראַמט פון טיש, גענומען די צייטונג. אָבער גלייך זיך דערמאָנט: ס'איז שוין צייט די קינדער וועקן; זיי וועלן פאַרשפּעטיקן אין סקול.

זי איז אַריין אין צימער, וואו אירע טעכטערלעך זיינען גע־שלאָפן. זי האָט זיי געוועקט, אי שטרענג אי מיט ווייכקייט אין איר קול.

זי איז געשטאַנען ביים אויוועלע ווי אַ זיגערין. און ווען די צוויי קאַפּריזנע טעכטערלעך האָבן זיך באַוויזן לאַכנדיקע, האָט פלאָרענס אויך געשמייכלט.

ביים עסן צוגעזאָגט די טעכטערלעך, זיי געוואָרנט: זיי וועלן ניט עסן די קאַשע מיט מילך — איז פאַרשפּילט די מואוויס.

זיי האָבן געקושט דער מאַמען אויף די באַקן.

— איר זאָלט זיך היטן ווען איר גייט איבערן גאַס!...

ווען זיי זיינען אַרויס מיט די רענצלעך אויף די אַקסלען, איז פלאָרענסן געוואָרן אומעטיק. עס איז געווען אַן אומעט אויסגעמישט מיט פרייד... גרויסע מוידן, וואַקסן־אַריבער דער מאַמען. צוויי קייסערינעס. אַ גוטן מזל זאָלן זיי האָבן. ניט ווי די מאַמע, וואָס איז אַ גאַנצן טאָג ווי אין טאַטשקעס.

זי האָט אַ כאַפּ געטאָן די צייטונג און זי גלייך אַרויפגעלייגט צוריק. דערצו זיך גוט אויסגעשטראָפּט: דער טאָג וועט איר ניט סטאַיען; זי מוז אויסוואַשן די פענצטער.

אָבער אָנשטאָט צו וואַשן די פענצטער, וועט זי אָנצינדן דעם פּרעס־אייזן. פון די פאַרצויגענע שטריק האָט זי אַראָפּגענומען דאָס געוועש; אויסגעסאָרטירט, צולייגט אין באַזונדערע קופּקעלעך. די פרישקייט, ציכטיקייט פון די געוואַשענע זאַכן האָט איר אויפגעמונטערט. זי האָט זיך אַ צי געטאָן מיט ביידע הענט צו דער צייטונג.

— ווי דער אייזן סמאַליעט!

זי האָט פאַרלאָשן דעם פּרעס־אייזן, געטריבן דעם רויך מיט אַ האַנטוך דורך די אָפענע פענצטער.

פריער האָט זי געפּרעסט די נאָז־טיכלעך, איין צי געטאָן מיטן אייזן, אויפגעלייגט אין צווייען, דערנאָך אין פירן. ווען דער פּרעס־אייזן איז געוואָרן קיל, האָט זי געפּרעסט די איידעלערע זאַכן. איצט איין קוק אויף דער צייטונג פון ווייטן; ווייל דער זייגער האָט געוויזן, אַז די קינדער דאַרפן באַלד קומען פון סקול.

ווידער איז זי געשטאַנען ביי דעם אָנגעצונדענעם אויוועלע, זיך געפילט גליקלעך וואָס איר איז איינגעפאַלן צו קאָכן אַ באָרשט. די טעכטערלעך וועלן טאַנצן פאַר פרייד. קליינע נאַשערקעס! אַ מאַמען איז קיין זאַך ניט שווער...

דער טאָג האָט אַוועקגעשפּילט. אין גאַס איז געוואָרן טונקל.

אַלע האָבן שוין אָפּגעגעסן דעם נאַכט־מאָלצייט. די קינדער שלאָפן שוין.

די מאַמע איז אַריין אויף די שפּיץ־פינגער אין זייער צימער. אויך פעלדמאַן, איר מאַן, האָט שוין אָנגעדרייט דעם וועק־זייגער. פלאָרענס איז די לעצטע געגאַנגען שלאָפן. זי האָט קוים אויפגעזוכט די צייטונג. זי איז אַריין אין בעט. אַ ווײלע אַרום איז זי שוין געשלאָפן מיט דער צייטונג פאַרשפּרייט איבער איר פּנים...

# עלטערן און זייערע קינדער

— שוין צייט צו מאַכן נאַכט! — האָט באַשע אָנגעשריען אויף איר מאַן. — רופּסט זיך מיטן שיינעם נאָמען מאַנסביל... דו פּלאַפּלסט און לאָזט אַן אויג ניט צומאַכן.

דאָס האָט נחמנ׳ען אַריינגעבראַכט אין כעס. ער האָט זיך איבער־געדעקט און געלעגן אין שטילעניש. ווייל ער איז געלעגן אומבאַ־וועגלעך, האָט די וואַכקייט איבער אים געהויערט... אויך באַשע האָט געהאַלטן די אויגן אָפן.

אין דער שטילקייט האָבן זיי דערהערט טריט, און אַ שליסל האָט אַ שייער געטאָן ביים וואַנט.

באַשע האָט זיך אָפּגערופן: — אונזער ביטריס איז געקומען! זי האָט נעבעך ניט קיין מזל!

פון באָד־צימער האָט זיך געהערט אַ שווענקעניש, אַ פּלוסקעניש. אַ געהיימער אַרומקלאַפּן הינטער אַ פאַרמאַכטער טיר.

— זי האָט זיך היינט ווידער באַגעגנט מיט אַ נייעם יונגנמאַן.

די טיר פון באָד־צימער האָט זיך געעפנט.

— ביטריס! טאָכטער מיינע, וואָס עפּעס אַזוי פרי?

— מאַ! איך בין מיד. איך וועל דיר מאָרגן דערציילן.

— ווייסט, באַשע, ווען עס מאַכט זיך אַ רעכטער יונגערמאַן דורך אַ שדכן...

— ביסט אַ פּרא־אדם! די אַמעריקאַנער קינדער דאַרפן ניט קיין שדכנים. זיי קלייבן זיך אויס זייערע באַשערטע... נחמן האָט איר פאַרשוויגן, פאַרמאַכט די אויגן און זיך געגרייט שלאָפן. אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיך דערהערט האַסטיקע, היימישע טריט אין קאָרידאָר.

— דזשייקעלע איז שוין געקומען — האָט באַשע אַ זיפץ געטאָן.

— נאַ דיר דיינע אַמעריקאַנער קינדער!

אַריין איז ער מיט אַ טופּעניש, אָנגעצונדן אַלע לאָמפּן.

— ווען מיין טאַטע־מאַמע אונז צו לענגערע יאָר, זיינען גע־שלאָפן פלעג איך אויף די שפּיץ־פינגער אַרומגיין...

— זינדיק, נחמן! האָסט אַ סך צוגעלייגט צו אַמעריקע?...

אַ טאַטן דאַרף בעסער אַרן פאַרוואָס דזשייקעלע האָט ניט קיין ריכטיקע באַשעפטיקונג. ער שטייט ניט אויף אַ ריכטיקן שטאַנד.

— וואָס זאָל איך טאָן, באַשע? — האָט שוין נחמן האַלב פאַר־שלאָפן גערעדט. — ער האַלט זיך ניט אויף קיין פּלאַץ. און דער דאָלער איז ביי אים אַ ממזר...

— שווייג! ביי לייטן טאַטעס פאַרלויפן פאַר זייערע קינדער. קלאַפּן אָן אין די רייכע טירן. דו ביסט אַלע מאָל געוועזן אַ קאַלטער לונג־און־לעבער...

די שטוב טיר האָט זיך ווידער אָפּגעשלאָסן.

— גאָט צו דאַנקען שוין מעקס אויך געקומען — האָט באַשע געזאָגט.

נחמן און באַשע האָבן שוין געשוויגן. זיי האָבן געהערט ווי מעקס האָט אין קיך געשאַרשקעט מיט די צייטונגען. ער האָט הילכיק געהוסט.

אויפן גאַס האָבן שוין געקלאַפּט מילך וועגענער. נחמן און באַשע זיינען געלעגן פאַרשטילטע, ווי אין אַ געבעט, אַז דער שלאָף זאָל נידערן איבער זיי...

# שבת בייטאָג

שבת בייטאָג האָבן די אַרבעטער געוואָרפן די אַרבעט. די בחורים האָבן צוגעשטייפט די לויזע שניפּסן אויף די העלזער און געהילכט יום־טוב׳דיק אויף די טרעפּ אַראָפּ צו דער גאַס. די מיידלעך האָבן זיך פאַרזאַמט לענגער. זיי האָבן אויסגעטאָן זייערע פאַרטוכער, זיך געפּודערט. פון די טרעפּ זיינען זיי אַראָפּ שטילע, אויסגעפּוצטע, ניט ווי פון אַ שאַפּ, נאָר ווי פון אַ פאָטאָגראַפטשיק.

דער ליידיקער שאַפּ האָט אויסגעקוקט גרעסער און וויסטער.

שלוימקע האָט אויסגעשפּאַנט די ניי־מאַשינען. ער האָט אַראָפּגענומען פון זיי די פּאַסן, אָפּגעטשעפּעט די טרעטערס, אויסגעקערט די קעפּלעך. און איטשע, זיין ברודער, האָט איבערגעדעקט די פּאַרטיקע האַנט־טעשלעך מיט ווייסן, דינעם פּאַפּיר. ער האָט געשפּריצט וואַסער אויפן דיל און מיטן הויכן שטרויענעם בעזים געקערט...

אין שלוימקעס אַרומקוקן דעם שאַפּ איז געווען צוגעבונדנקייט... ער האָט געאַרבעט געדולדיק און מיט אויסדויער. איטשע, ווידער, האָט געאַרבעט, ווי ער וואָלט געפּילט אַ חוב אויף זיך. ער האָט זיך אָפּט פאַרטראַכט ביי דער אַרבעט... די געדאַנקען פלעגן אים ווי אויף ראַדיאָ־כוואַליעס אַריבערטראָגן אין זיין אַלטער היים. אין זיין זכרון האָט ער, ווי דורך אַ קלאָרן וואַסער, געזען זיין שטעטל. זיין האַרץ איז געווען צוגעבונדן צו זיינע עלטערן, צו זיין געליבטער טעמקע׳ן, צו די פעלדער, מיט טויזנטער כשוף־פעדעם...

גראַד איצט, ווען אַלע אַרבעטער זיינען זיך געהאַט צעגאַנגען און אין שאַפּ איז שטיל ווי אין אַ שפּייכלער, איז איטשע׳ן גוט! ער טראָגט זיך אַריבער אין זיין אַלטער היים, וואו ער האָט אָנגעשעפּט זיינע יונגע כוחות. די שיף, וואָס האָט אים געבראַכט אַהער, שטייט נאָך אפשר אַ פאַראַנקערטע אין די ניו יאָרקער וואַסערן. ער קען נאָך מיט דער זעלבער שיף פאָרן צוריק אין זיין היים, צו וועלכער עס ציט זיין האַרץ. ניין, ער קען שוין ניט פאָרן צוריק. זיין ברודער שלוימקע האָט אַוודאי אויך געבענקט אַהיים אַזוי ווי

ער... ביז אַמעריקע האָט אים אויסגעקילט, אויסגעניכטערט און פאַרהאַרטעוועט. קיינער קערט זיך ניט אום צוריק פון דאַנען. אַז מען טראָגט אַוועק דעם קאָפּ איבערן ים, איז פאַרפאַלן...

די שווערע טיר פון שאַפּ האָט זיך געעפנט און ס'איז אַריינגעקומען אַ איד, אַ פאַרשוין אין די ווייטע מיטעלע יאָרן. ער האָט געטראָגן אַ האַרטן קאַפּעליוש, וועלכן ער האָט געהאַלטן אין איין אונטערהויבן, ווישנדיק דעם שווייס פון זיין שטערן.

שלוימקע האָט זיך אויפגעהויבן, אים אויסגעשטרעקט פריינטלעך די האַנט... אָבער דער לאַנדסמאַן האָט אים געוואָרנט, ער זאָל ניט אַרויסגעבן זיין נאָמען... אים איז געווען טשעקאַווע צי איטשע וועט אים דערקענען. ער איז געשטאַנען לעבן איטשע'ן אַ שמייכלדיקער... איטשע האָט אויף אים פאַרווירט געקוקט:

— אַזוי באַקאַנט!... זיין נאָמען ליגט אים אויף דער שפּיץ צונג... ווי פאַרענדערט! געווען דאַכט זיך אַ שצופּלער אידל, ווי צעגאָסן און ברייט ער איז.

— נו, דערקענסט מיך ניט? — דעם לאַנדסמאַנס שטים האָט אים אַרויסגעהאָלפן.

— יעס, אַוודאי ווייס איך ווער איר זענט: יאָסל, דער שוסטער!

— און ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון רעדן ווייטער...

— שעם זיך ניט, איטשע! דאָ, אין דעם לאַנד, איז אַ שוסטער, אַ שניידער אַ גרויסער יחסן... מיינע טעכטער האָב איך דאָ אויסגעגעבן. זיי זיינען אין די פעדערן, ניט ערגער אויף דיר געזאָגט געוואָרן... און די איידעמס שעמען זיך ניט מיטן שווער. זיי קומען אַמאָל אַראָפּ צו מיר אַ זונטאָג, מיט די גרויסע אויטאָמאָבילן, ווי די גראַפן. זיי קלאַפּן מיר אין פּלייצע און רופן מיך „פּאָפּ"!... און אייניקלעך ניט אָפּצוקוקן... עס איז אַביסל שווערלעך אויפצורעדן זיך מיט זיי. אָט די יונגע שנעקעס רעדן דעם אַמעריקאַנער לשון ווי אַ וואַסער. איין טאָכטער איז מיר פאַרבליבן, די מוזינקע. מעגסט מיר גלויבן, איטשע: ס'איז מיר אַ שאָד אַרויסצולאָזן דעם זינג־פויגל. איך לויב זי ניט, ווייל זי איז מיין טאָכטער, אָבער זי איז די גוטסקייט אַליין. איך בין מקנא דעם מאַן וואָס וועט אַריינקריגן

דעם אוצר. זי וועט באַלד זיין אין שאַפּ דאָ, וועסטו אָנקוקן וואָס פּאַר אַ בריליאַנט דאָס איז. זעסט, איטשע, איך בין שוין אַן אויסגע־גרינטער אין אַמעריקע, פונדעסטוועגן האַלט איך נאָך פון יחוס. איך בין מיט דיין טאַטע־מאַמע געווען שכנים. פאַר יאָרן און יאָרן זיך ניט איבערגערעדט אַ שלעכט וואָרט. גאָט קען נאָך אונז באַשערן, אַז מיר זאָלן נאָך זיין צוזאַמען...

ער האָט דורכגענומען איטשע׳ן מיט פאָטערלעכער ליבשאַפט, און געזאָגט צו אים:

— איטשע, זון מיינער, איך בין דאָך שוין אַ צייט מיט יאָרן אין קאָלאָמבוס׳עס מדינה, פונדעסטוועגן געדענק איך אַלעמען דאָרטן, אַפילו מיט זייערע צונעמען. דיך האָב איך איבערגעלאָזן אַ ברעקל אינגעלע. ביזט אַריינגעראָטן אין דער מאַמען, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער.

— אין וועמען בין איך געראָטן?   האָט זיך שלוימקע אָפּגע־רופן, כדי צו איבעררייסן דעם מבול רייד, אונטער וועלכע איטשע האָט זיך געפונען ווי דערדריקט.

— דו ביזט געראָטן אין טאַטע׳ן! און דיין טאַטע, זאָל דאָרט לעבן, איז ניט פון די גוואַלטיקע פאַרשוינען...

די שווערע טיר פון שאַפּ האָט זיך געעפנט. פריער האָט זיך באַוויזן אַ גרויסער לעכערדיקער, שטרויענער הוט ווי אַ רעשעטע, נאָכדעם אַ שירם, דערנאָך אַ מיידל אַ דאַרס, מיט רייטנדיקע ברילן אויף דער נאָז.

— איז מיין פּאַפּאַ דאָ דאָ? — האָט זי, ווישנדיק אירע ברילן, געפרעגט.

— יע, טאָכטער האָסט געטראָפן.

— שפּילסט זיך מיט די אַמעריקאַנער חברה, גיב זיי אַ פּיפּס, אַ נאָמען פון אַ גאַס, פון אַ שאַפּ, און זיי טרעפן ווי צו זיך אַהיים... גיי, טאָכטער, באַקען זיך מיטן גאַסט און פאַרבעט אים צו אונז אויף „דינער״, וויַיז אים אַביסל ניו יאָרק.

— נישקשה — האָט יאָסל איטשע׳ן געקלאַפּט אין פּלייצע — ער וועט אַריבעריאָגן די היגע געבוירענע. ער איז אַ כוואַט מיט ביינער...

ווען יאָסל׳ס מוזינקע האָט זיך אויסגעגלייכט לעבן איטשען האָט זי אויסגעוויקלט פון אירע דינע הענטשקעס ווי פון פּאַפּיראָס פּאַפּיר אַ בלייך שטיל נאָכגיביק הענטל... און מיט אַ סך גוטסקייט און שטילקייט אים געבעטן, ער זאָל קומען זונטאָג אויף „דינער״.

איטשע האָט נאָכלעסיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ...

# אַ געבורטסטאָג

די ערשטע געסט ביי די לעוויטס זיינען געווען זייערע שכנים, אַ יונג פּאָרל, געזונטע און פריילעכע. זיי האָבן זיך צוזעצט אין די ווייכע שטולן, האָבן ניט געוואַרט אויף צערעמאָניעס... דער יונגער־מאַן האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ שאָקאָלאַדל, אַ מאַרמאַלאַדל. און זיין ווייבל איז ניט אָפּגעשטאַנען. זי האָט גערעדט, געגלעקלט און גע־נאַשט פון אַלע טעלער...

די געסט יום־טוב׳דיק אָנגעטאָן, האָבן זיך אַרומגעזעצט ביים גרויסן געדעקטן טיש, זיך געלאָזן וואוילגיין. די מאַנסבילן האָבן דערלאַנגט איינע די אַנדערע די גלעזלעך. אינם אָנקלאַפּן מיט די גלעזלעך איז שוין געווען דאָס ווינשעווען זיך. סיגאַרעטלעך האָבן אויפגעגליט דינע רויכלעך און האָבן פאַרנעפּלט די שטאַרקע ליכ־טיקייט אין זאַל.

די פרויען האָבן זיך באַדינט אַרום די זיסוואַרג... זיי האָבן מיט הויכע קיילעכדיקע רייד באַוואונדערט פרוי לעוויט. איינע האָט געזאָגט: עס שפּיגלט דאָ ווי אַ קלאָרער טייך. די צווייטע: מען קען דאָ עסן פון דיל. אַ דריטע: יונג און שיין איז זי ווי אַ כלה־מיידל.

ווי שטאַרק פאַרטאָן פרוי לעוויט איז ניט געווען, האָט זי אַלץ געהערט. די פרייד און די רויטקייט האָט געשפּילט אויף איר פּנים...

## אַ געבורטסטאָג

דער געדעקטער טיש איז שוין געווען האַלב אָפּגעליידיקט. גראָבע געלע באַנאַנע־הויטן זיינען געלעגן אַראָפּגעצויגענע. שאָלעכצן פון ניס, ווי צעבראָכענע שערבלעך, האָבן פאַרוואָלגערט דעם אויס־געגעסטן סערוועט פון וויין. אויסגעוויקלטע פאַרביקע פּאַפּירלעך פון צוקערקעס האָבן געשורשקעט פון יעדן באַריר. די ראַדיאָ, אָן אָנגעצונדענע אויף די גאָלדענע ציפערן, האָט געשפּילט. טרובעס, פלייטן און פידלען האָבן אַריינגעניגונ׳ט. איין פּאָרל האָט שוין גע־טאַנצט. אַ מאַנסביל מיט ברייטע האַריקע הענט, האָט לייכט אין אַ קרייז אַרומגעפירט אַ דאַמע. אַ צווייט פּאָרל האָט געזונגען אַ דועט. אין אַ ווינקל האָט אויסגעבראָכן אַ געלעכטער פון אַ גוט דערציילטן וויץ...

ווען די שמחה האָט זיך צעוואָרעמט, צעברענט, האָט זיך באַ־וויזן אַ פּאָרל אין די מאַנטלען.

— וואָס איילט איר זיך? — האָבן זיך די לעוויטס שוואָך גע־בעטן.

— עס ווערט שפּעט — האָט דער מאַן באַשיידן געזאָגט. די פרוי האָט פּאָטאָקעוועט: מען דאַרף פּאָרן ווייט. און זי האָט זיך גלייך געכאַפּט: לאָמיר כאָטש וויסן געניי, ווי אַלט איז אייער זונעלע?
— האָט זי נייגעריק געפרעגט.

— מיין זונעלע, זאָל מיר לעבן, איז אַלט געוואָרן זעקס יאָר — האָט פרוי לעוויט אַרויסגעזונגען. מיסטער לעוויט האָט צופרידן צוגעשמייכלט...

ווען דער עולם געסט האָבן זיך ווי אויפגערעדט צו פאַרלאָזן די שמחה, האָבן זיי איינציקוויז און אין פּאָרלעך אַריין אויף די שפּיצן־פינגער אין צימער, וואו דער זעקס־יאָריקער יובילאַר איז געלעגן אין אַ קליין בעטל פאַרטאָן אין טיפן קינדישן שלאָף...

# אַ געשענקטער אָוונט

בערגמאַן איז אַריין אין זיין צימער. פּוסט און פרעמד האָבן אויף אים געקוקט די ציגעלנע ווענט. זיין איינזאַמער לעבן, האָט זיך איצט אויסגעשיילט אין זיין גאַנצער גרויזאַמקייט.

ראָזע פאָרט מאָרגן פרי אַוועק אין דער גרויסער שטאָט. און אים וועט זי פאַרגעסן... ער עפנט דאָס פענצטער און קוקט אויפן האָטעל... אין איר צימער איז ליכטיק. די ליכטיקע פענצטער רעדן צו אים: בערגמאַן, איך האָב דיך ליב! איך וויל ניט פאָרן אין שטאָט...

דאָס פענצטער האָט זיך אויסגעלאָשן. בערגמאַן האָט לאַנג גע־קוקט אויף דער שוואַרצער גלאָז. אים האָט זיך געדוכט: ראָזע איז געשטאַנען צוגעשטייפּט צום שויב...

דער דרויסן איז פרימאָרגנדיק קיל. בערגמאַן גייט מיטן פעלד צו דער אַרבעט. אַ וואַסערל גיסט זיך איבער קליינע שטיינדלעך. דאָס וואַסערל איז איינגעוויקלט אין נעפּל ווי אין אַ ליילעך.

בערגמאַן רעדט צו זיך: נאָך אַזוי פיל פרייד איז געקומען דער אומעט. נאָך אַזויפיל גליק איז געקומען די פאַרלאָזנקייט...

ס׳איז שוין לאַנג נאָך מיטאָג־צייט און בערגמאַן פילט נאָך ניט פאַרמאַטערט. די אַרבעט לינדערט אים... אָבער דער קומען פייפט. די טויערן פון דער פאַבריק שליסן זיך פאַנאַנדער. און גרופּעס אַר־בעטער ציען שוין. עס שיינט אויף זיי די פאַרנאַכטיקע זון. און די פאַרמאַטערטקייט און די רו אויסגעמישט אויף זייערע פּנים׳ער. די אַרבעטער רויכערן לולקעס, סיגאַרעטן. עס קלינגען ריין און הויך זייערע רייד אין פעלד.

בערגמאַן האָט זיך ווי אַלע אָוונטן אַנגעטאָן יום־טובֿ׳דיק, ווי ער וואָלט היינט אויך געגאַנגען טרעפן ראָזען... דאָס פענצטער אין איר צימער איז אויסגעלאָשן. ער האָט זיך אַפילו רעכט ניט געזעגנט מיט איר. ס׳האָט אים ניט געשטייעט קיין לשון. דאָס האַרץ זיינס

איז געווען איבערגעלאָדן... און איצט וואו אַנטלויפט מען פאַר בענקשאַפט און אומעט?

ער איז אַרויס אויפן גאַס. די דאָרפישע רו, דאָס שטילעניש האָט איצט זיין געמיט ניט געהיילט. ער איז געגאַנגען אָן ציל, אויס־געליידיקט, פאַראיינזאַמט... פּלוצים האָט אַ שווינדל געטאָן פאַר זיינע אויגן. ראָזע, אין אַ ווייסע קלייד ווי אַ כלה, גייט אים אַנטקעגן. זיי כאַפּן זיך אַרום. האַרץ צו האַרץ, פּנים צו פּנים געטוליעט. צו־זאַמענגענומענע הענט. זיי שווייגן... דאָס שטילקייט ווערט טיפער צווישן זיי, טיפער און זינגענדיקער...

# זיין ערשטע רייזע

דייוו איז אַרויפגעקראָכן אויף די הויכע אייזערנע טרעפּלעך פון דער סיקענדיקער באַן. ער האָט אויף גיך פאַרנומען אַ פּלאַץ לעבן פענצטער. דעם באַן־בילעט האָט ער איבערגעקוקט עטלעכע מאָל און אים איבערגעלייגט פון איין קעשענע אין דער צווייטער... עטלעכע פּאַסאַזשירן זיינען אַרויפגעשטיגן. ער איז געווען צופרידן, וואָס די פּאָר קליין־שטעטלדיקע „פאַרשוינען" האָבן זיך צעזייט אין באַזונדערע וואַגאָנען. ער וויל זיין מיט זיך אַליין. דאָס טראַכטן פון דער גרויסער קאָכיקער שטאָט ניו יאָרק מאַכט אים גליקלעך...

די באַן האָט ווי אויפגעציטערט. די וואַגאָנען האָבן זיך אַ שטויס געטאָן אויף צוריק. אַ שאַרפער פייף פון לאָקאָמאָטיוו־קוימען האָט אָפּגעהילכט פוסט, שטאַרק און דויערנדיק. ווען די באַן האָט גענומען גיכער־גיכער גיין און באַלד זיך צעיאָגט מיט פונקען, מיט רויך און מיט אַ ליאַסקען פון אַ סך אייזערנע שווערע רעדער, האָט זיך דייוו טיפער אַראָפּגעזעצט אין פּליושענעם צוגעשמידטן שטול. אומעט, בענקשאַפט, לייכטע שרעק האָט אָנגעווייט אויף אים. דאָס קליין אַמעריקאַנער שטעטל איז אים מיט אַמאָל ליב געוואָרן... ער האָט דאָ חברים און פריינט. ער קען דאָ אַלעמען, פון דעם פּאָסט־מייסטער ביז דעם ביר־אייגנטימער...

די באַן האָט געפּייפט, דאָס יאָגן זיך איז שטילער געוואָרן. די שווערע אייזערנע רעדער האָבן פאַרקוויטשעט. אַ ווײַלע אַרום האָט די באַן זיך אָפּגעשטעלט. פון דעם קליין־וואָקזאַלעכל האָבן זיך באַוויזן מענער און פרויען, מיט טשעמאָדאַנעס און פּעקלעך. מען האָט זיך געקושט, געזעגנט. באַן־אַרבעטער האָבן אויסגעלאָדעוועט קאַסטנס, זעקלעך, בריוו. דייוו האָט איבערגעלייגט דעם נאָמען פון דער שטאָט. די גרופּעס פּאַסאַזשירן האָבן איילנדיק זיך צעשאָטן אין די וואַגאָנען...

און ווען די באַן האָט זיך ווידער גערירט אין „וועג", האָט זיך דייוון געדוכט, אַז ער איז איינער פון די וועלט־רייזנדע, וועלכע ער האָט אַזוי מקנא געווען, לייענענדיק וועגן זיי אין די ביכלעך...

# די מיידלעך זיינען איר מקנא

ווען בעלאַ האָט חתונה געהאַט מיט בלומפעלד איז ער געווען אַ בלייכער, דאַרער אינגל. עס האָט ניט גענומען לאַנג און בלומפעלד האָט זיך גענומען פאַרנאַנדערגיסן ווי אַ טייך אין פרילינג.

דורך די טעג בענקט בעלאַ. עס דערוועקן זיך אין איר אַלע מיידלשע נגונים. אָבער ווי עס פאַלט צו דער אָוונט, פּוצט זי זיך. און בלומפעלד איז זייער צופרידן ווען ער קומט אַהיים. ער שמאָצקעט אירע באַקן ווי צוקערקעס. זי ווערט רויט פאַר כעס, וואַשט מיט אַ קליין נאָז־טיכל די פייכטקייט...

— וואָס מאַכן די קינדער? — פרעגט ער, און ער וויקלט אויס פון פּאַרביקע, שורשענדיקע פּאַפּירן מתנות פאַר זיי...

— גיי וואַש זיך! — זאָגט זי אים, און זי שפּרייט אויס אַ סערוועט אויפן קיך־טישל.

— לאָמיר זיין געזונט! — זאָגט בלומפעלד...

זי ווערט אויפגעבראַכט ווען ער קערט איבער די גלעזל. זי הערט אַפילו ווי עס בולקעט זיך אים אין האַלז. דערנאָך וואַרפט ער זיך אויף די מאכלים ווי אַ וואָלף.

— דעם באַרשט מעג עסן דער קייסער!...

— דו האָסט אַ געראָטענע ווייב! — שמייכלט זי ווייטאָקדיק.

— קום נאָענט צו מיר, בעלאַ, איך וויל דיר עפּעס פאַר־טרויען...

בעלאַ קוקט אויף זיין צופרידענעם פּנים, זי ענטפערט איינגעהאַלטן, געלאַסן:

— עס אָפּ, רו זיך אויס, גיי פרי שלאָפן. איך וועל אַ ווײַלע צוגיין צו מיינע פריינדינס.

ביידע מיידלעך, ראָזע און סילוויע, האָבן זיך געקושט מיט בעלאַן. זיי האָבן איר געקוקט אין די אויגן, איר מקנא געווען...

און בעלאַ, שפּאַצירנדיק מיט די מיידלעך, האָט זיך אויך דער־פילט גרינג, אָן זאָרג און פול מיט נייער האָפענונג...

# אָפּגעשפּיגלט

שניצלער, דער יונגער מאָלער, איז אַרויס אין גאַס אָן אויפ־געלעבטער, אַ דערפרייטער פונם בילד וואָס ער האָט נאָר־וואָס פאַר־ענדיקט... זיין פּנים אויפגעשיינט, אינגאַנצן אויפגעוואַרעמט, האָט ער פאַמעלעך געשפּרייזט און שטיל צוגעפייפט... אַ קליין פאַר־מורזעטער אינגל האָט אָפּגעענטפערט אויף זיין פייפן... שניצלער האָט זיך אָפּגעשטעלט, שמייכלענדיק געקוקט אַנטקעגן גאַס אויפן אינגל, וואָס איז געשטאַנען געלאָדן מיט אַ קליין הילצערנע קעסטעלע אויף זיינע אַקסלען. שניצלער האָט אַ וואונק געטאָן צו אים, אַ רוף געטאָן מיטן פינגער... דער אינגל האָט אויפגעכאַפּט דעם סיג־נאַל... איז ער מיט זיין גאַנצן קלאַפּערגעצייג אויסגעוואָקסן לעבן שניצלערן.

— ווייסט וואָס, קליינער אינגל: לאָמיר מאַכן אַ בייט: איך וועל אָפּמאָלן דיין פּנים, און דו וועסט מיר דערפאַר אָפּפּוצן די שיך...

דער פאַרמורזעטער אינגל איז איבערגעגאַנגען מיט זיין הענטל צוויי מאָל איבער זיין פאַרריסן נעזל, האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים וואַנט מיט די הענט אין די קעשענעס, און זיין פאַרמורזשעטער פּנים האָט אויפגעשיינט מיט העלדישקייט...

שניצלער האָט אַרויסגענומען אַ פאַרשניצטע בלייפעדער, אַ בויגן פּאַפּיר. ער האָט זיך אַריינגעטאָן אין דעם טשעקאַוון פּנים פונם אינגל... ער האָט געצויגן ליניעס אויפן פּאַפּיר, אַנגעוואָרפן שטריכן, פּאַסעקלעך, פּינטעלעך. ער האָט געמעקט און ווידער גע־צויגן ליניעס... און אין געציילטע מינוטן האָט ער אָפּגעשפּיגלט דעם טשעקאַוון פּנים פון דעם אינגל.

דער אינגל האָט שאַרף אַ קוק געטאָן אויפן בילד, אויף שניצלערן — מיט פאַרוואונדערונג און ליבשאַפט...

ער האָט אַוועקגעלייגט אַ קליין קישעלע אויפן טראָטואַר, אויף וועלכער ער האָט געקניט. און אַרומכאַפּנדיק שניצלערס פיס האָט ער מיט צוויי בערשטלעך אין זיינע קליינע הענט אַוועק אַ טאַנץ...

און ווען ער האָט פאַרוואָרפן דאָס קליין הילצערנע קעסטל איבער זיינע קינדערשע אַקסלען, האָט שניצלער אַ קוק געטאָן אויף זיינע שיך — און זיך דערזען אָפּגעשפּיגלט אין זיינע שיך ווי אין אַ טיפן ברונעם...

# ל י אַ ל ק ע ס

די פּאַרטיקע ליאַלקעס, מיט רויטע בעקעלעך, מיט די שוואַרצע און בלויע אויגן באַוועגן זיך אין די הענט פון די אַרבעטערינס ווי מאַריאָנעטן...

מיידלעך אויסגעדאַרטע, פאַרשמוצטע, מיט נערוועזע פינגער, טוען אָן אויף גיך די נאַקעטע ליאַלקעס קליידלעך, פאַרטוכלעך, קוועטשן זיי אין די בייכלעך צי זיי קוויטשען... זיי טוען אַרויף אויף זייערע פּאַראַליזירטע פיסלעך קליינינקע לאַקירנדע שיכלעך. זיי מאַכן זיי פריזורן אויף די קעפּלעך, פלעכטן זיי אויס צעפּ. זיי שטעלן אויס די ליאַלקעס אויף טישן, ווי סאָלדאַטן...

דער פאַרמאַן באַווייזט זיך פון ווייל צו ווייל. ער קלייבט אַראָפּ די ליאַלקעס פון די טישן. ער דרייט די באַשעפענישן אין זיינע גרויסע הענט... און אַז איינע געפעלט אים ניט, טראָגט ער עס־צו צו דער אַרבעטער־מיידל:

— נאַ, זע וואָס דו האָסט געמאַכט פון אַ באַשעפעניש!

און טאָמער געפעלט אים ניט אַ צווייטע, זאָגט ער שוין גאָרניט, נעמט די ליאַלקע פאַר אַ פיסל, מיטן קאָפּ אַראָפּ, און טראָגט דאָס אַריין אין אָפיס צום בעל־הבית.

דער בעל־הבית גיט אַ כאַפּ די ליאַלקע אין זיינע פינגער. פאַר כעס ברעכט ער זי איבער אין דער העלפט. ער כאַפּט זיך אַריין אין שאַפּ מיט אַ געשריי: איבערפּירער! קאַליעקעס! פּורציעס! ליימענע הענט! און די מיידלעך, דערשראָקענע און בלאַסע, שטייען ווי פאַרטראַכטע פון די קינדערשע יאָרן... — ווען די ליאַלקעס האָבן זיי גליק און פרייד געבראַכט...

# דער אַרבעטער און דער זייגער

פרימאָרגן! עס קלינגט דער זייגער. ווי אַ קונצן־מאַכער טוט סעם אַן דאַס ביסל זאַכן וואָס ליגט אויפן שטול. ער שנורעוועט די בענדלעך און פאַרבינדט זיי אין שלייפן אויף די שיך.

אין באַד־צימער לאָזט ער פלייצן הייסע און קאַלטע וואַסער. ער ווייס ניט וואָס פריער צו וואַשן — די הענט, דעם פנים, צי די ציין ?... מיטן האַנטוך קלאַפּט ער לייכט איבערן פנים און זינקט איין ביידע הענט...

ער זעצט זיך ביים טיש אויף אַ האַלבן שטול, שמייכלט און זאָגט צו זיין ווייב: די קאַווע שמעקט אַ מחיה, און פאַר די קיכלעך ביסטו ווערט אַ מעדאַל...

דער קאָמפּלימענט ברענגט פאַרב און וואַרעמקייט אין איר פנים. זי דערלאַנגט אים דעם מאַנטל, די הוט און אַ ריינע נאָז־טיכל. זי באַגלייט אים צום טיר און זיי צעקושן זיך שטיל...

איבערן גאַס שוועבט סעם ווי אַ פויגל. פאַרלירט ניט קיין צייט. רעכנט אויס ווען איבערצוגיין די גאַס. ער גרייט אויך אָן געלט פאַר אַ צייטונג, פאַרן באַן...

ער שטייט אויף דער פּלאַטפאָרמע און קוקט אויפן האַנט־זייגערל, וואָס טיקעט ווי די אַרטעריעס פון זיין האַנט...

די באַן רייסט ווי אַ שטורם־ווינט דורך טונעלן. שטייענדיק דרעמלט ער, כאַפּט זיך אויף און קוקט אויפן זייגערל...

ווען ער גייט אַרויס פון באַן, גיט אַ ווייע אויף אים דער דרויסן, און דער שטאָט־זייגער ווייזט ס'איז נאָך פרי — גייט אויף אין אים אַ פרייד. און דער וועג צום שאַפּ איצט איז ווי אַ פרימאָרגן שפּאַציר דורך אַ פּאַרק...

# זי האָט זיך געגרייט צום באַל

עלסי, גלייך ווי זי איז אַראָפּ פון בעט שבת אינדערפרי, האָט זיך גענומען גרייטן צום ביינאַכטיקן באַל.

זי איז אַריין אין באָד־צימער, זיך פאַרקייטלט, האָט מען געהערט ווי דאָס וואַסער פליֵיצט אין וואַנע. אויך האָט עלסי געזונגען אין באָד־צימער. אַרויס איז זי מיט אַ לאַנגן געבלומטן קאַפּאָט איינגע־גאַרטלט ביים טאַליע. דער פּנים צעוואַרעמט, פריש. אַ דינע פאַרע האָט איר לייכט אַרומגעהילט. ביים שפּיגל אין איר פאַרמאַכטן צימער האָט זי זיך אַ ווייז־געטאָן נאַקעט. זי האָט געפילט פאַרשעמט, לייכט דערשראָקן. און וואָך איז זי געוואָרן ווי אַ גנב וואָלט זיך ערגעץ באַהאַלטן.

די נאַסע אונטערגעשאָרענע האָר האָט זי לייכט געקאַמט, אָנגענומען דינע זשמוטן און זיי אַריינגענומען אין קלאַמערן.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט מיט די קלאַפּערגעצייג, וואָס זי נוצט צו די נעגל: — אַ דין פלאַך פיילעכל, אַ רויטע פּלע־שעלע, אַ דין שערעלע מיט שמאָלע שפּיצן. אויסגעצויגן די לינקע האַנט אויף איר קני — האָט זי מיט געדולד און קענטעניש יעדן נאָגל אַרומגעשלייפט, אַרומגעפּוצט די ווילדע הויט אַרום די נעגל. אויך זיי געפאַרבט אין רויט מיט אַ פּיצינקע בערשטעלע.

זי האָט איבערגעקוקט די נעגל, ווי אַ פרומער איד צו הבדלה...

געגעסן האָט זי ווי אַ פויגעלע... זי זאָל זיין גרינג צום טאַנץ...

נאָכן לייכטן צובייסן, האָט זי פאַרקייטלט די טיר און זיך אויסגעצויגן אויפן בעט, איבערגעקלעפּט די אויגן מיט איינגעפייכטע שטיקלעך וואַטע — דאָס נעמט צו דעם שלאָף פון די אויגן...

ווען זי איז אַראָפּ פון בעט, האָט שוין געטונקלט... זי האָט אַ דריק געטאָן דאָס קנעפּל ביים טיר און דער לאָמפּ אינמיטן סטעליע האָט אויפגעלויכטן.

זי האָט ניט אָוועקגענומען איר פּנים פון שפּיגל. איינצייטיק באַפרייט איר קאָפּ פון די קלאַמערן. איר יונגער קערפּער האָט אויפגעשפּילט אין גרייזלעך און גלעקלעך. זי האָט זיך געזען אין איר געדאַנק אויפן באַל מיט אַ שיינעם יונגן טענצער... און טיף פון איר יונג, הייס האַרץ האָט פרייד און גליק באַשיינט איר פּנים...

# דריי בעל־בתים

דאָס איז געווען אַ שאַפּקע אַן פענצטער, אַן אַ זייגער אויפן וואַנט, די עטלעכע אַרבעטער האָבן אויסגעקוקט ווי פאַרגעסענע... דערפאַר האָט דאָס קליינע שאַפּקע געהאַט דריי בעלי־בתים.

איין בעל־הבית איז געווען אַ הויכער, מיט קליינע צעטומלטע אויגעלעך. ער איז געשטאַנען מיט אַ קליין, שאַרף, שפּיציק מעסערל, מיט וועלכן ער האָט געשניטן פעלעכלעך. האָט אַן אַרבעטער אויסגערעדט אַ וואָרט איז דאָס מעסערל ביי אים אין האַנט געבליבן פאַרגליווערט אין דער לופטן...

דער צווייטער בעל־הבית, האָט געניים ביים מאַשין. אַ יונגער, מיט שוואַרצע געקרויזטע האָר. אַ קיילעכדיקער פרישער פּנים וואָס האָט געקוואָלן מיט שמייכעלעך. זיינע שמייכעלעך זיינען געווען קורצע, אָפּגעהאַקטע... ווען אַן אַרבעטער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָט ער אַלע מאָל באַגעגנט דעם יונגן בעל בית׳ס אויגן מיט די גיפטיקע שמייכעלעך אין זיי...

דער דריטער בעל הבית האָט גערעדט אויפן טעלעפאָן שטיל, מיט געבעט, מיט אַ ניגון אין זיין קול. ער האָט געשריבן בריוו און געצירקלט זיין נאָמען... די איבעריקע צייט איז ער אַרומגע־לאָפן איבער דער שאַפּקע, ווי ער וואָלט עפּעס פאַרלאָרן. אַלע מאָל געזוכט אויף די טישן, וואו עטלעכע אַרבעטער זיינען געשטאַנען לעבן די טישן אַריבערגעבויגענע מיט פעכטנדיקע הענט. אַט דער

דאָזיקער דריטער בעל־הבית איז געווען אַ שווערער, מיט אַ גרויסן קאַלטן פאַרזאָרגטן פּנים. די גרויסע אויערן זיינע האָבן געברענט אין אַ העלישן פייער...

נאָר איין מאָל אין וואָך — מיטוואָך — ווען ער האָט אויסגע־טיילט די „פּעידע", אין די גרויסע, כמעט ליידיקע, קאָנווערטן, דע־מאָלט האָט ער אָנגעטאָן די יום־טוב׳דיקע ברילן. ער האָט שאַרף אַרויסגערעדט דעם ריש. זיין גרויסער פאַרזאָרגטער פּנים האָט זיך געלייטערט, ווען ער האָט צוגעטראָגן די גרויסע קאָנווערטן צו די אַרבעטער.

און די דריי בעלי־הבתים האָבן זיך געגרייט אויף אַ נייע פולע וואָך פון אַרבעט. — — — — — — — — — — — — — — — —

# דער צווילינג

ביים טיר פון די זעלדינס, איז ליעוו געבליבן שטיין, פאַרריכט דעם שניפּס און אָנגעקלונגען...

אַ ווײַלע אַרום האָט זיך געעפנט די טיר, און ביידע שוועסטער, טילע און מילע, אין בלויע מאַטראָזן קאָסטיומען, מיט רויטע ליענ־טעס אויף זייערע געקרויזטע ברוינע האָר זיינען אָנגעשפּרונגען אַנטקעגן ליעוון.

אַ נו, איר ווייסט כאָטש אונזערע נעמען? — האָט זיך די עלטערע, טילי, אָפּגערופן.

— זאָגט „טילי" און „מילי" וועט איר שוין טרעפן — האָט מילי, די אינגערע, געזאָגט.

ס׳האָט זיך אַריינגעמישט די מאַמע:

— גענוג, פּרינצעסינס, צו באַלבען...

שפּעטער האָט ליעוו געטרונקען צוזאַמען מיטן שוועסטער־צווילינג טיי.

ליעוו האָט געקוקט אויף טילי׳ן. מאָדנע! זי איז בלויז מיט אײן האַלבע שעה עלטער פאַר מילי׳ן, אָבער די האַלבע שעה האָט פאַרשטעמפּלט די עלטערקייט... די זעלבע וואוקס, די שטריכן, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער... אָבער אין טילי׳ס שטיפערישקייט וועבן זיך שוין דורך ערנסטע פעדעמלעך... מילי, די אינגערע, איז נאַאיווער, לוסטיקער און שעמעוודיק. שטומע פאַרלאַנגען ברויזן אונטער דער הויט פון איר קוועלנדיקן פּנים...

מילי, מיט איר ערלעכקייט און נאָענטקייט, וואָס זי פילט צו איר שוועסטער, ווייסט אָבער, אַז יענע, איר עלטערע שוועסטער, טילי, איז פאַרליבט אין ליעוו׳ן, און זי פאַרגינט איר. אָבער טיף אין האַרצן איז זי איר מקנא...

ליעוו איז אַ שיינער, אַ גלייכער. זי פילט לאַנג דעם טעם, ווען ער נעמט איר שפּילעוודיק אַרום...

טילי האָט באַמערקט, אַז ווען איר שוועסטער, מילי, איז דער־נעבן איז ליעוו לוסטיקער, לעבעדיקער, און כדי זיך צו איבערצייגן איז זי אַוועק אין קיך. זי האָט זיך בכיוון דאָרטן פאַרזאַמט... זי האָט אויסגעלייגט אויף גרויסע טעלער עפּל, באַרן, אַרומגעלייגט מיט הענגלעך ווייַנטרויבן אָנגעשפּריצטע מיט טראָפּנס וואַסער...

און ווען זי איז אַריין צוריק אין זאַל, האָט זי געטראָפן שטיל שפּילנדיק די ראַדיאָ און ליעוו מיט מילי׳ן טאַנצנדיק. ניין, זיי האָבן ניט געטאַנצט! נאָר געשוואוימען איינגעבויגטע... מילי׳ס באַקן זיינען געווען גערויטלט, מיט דער פרישקייט און שטילער אַנטציקונג, ווי נאָר אַ מיידל אַ פאַרליבטע פילט...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

# דער יונגער לערער

לייבוש האָט אַן עפן געטאָן די טיר און ס׳האָט זיך אים באַ־ וויזן אַ גרויסער, געראַמער צימער מיט גרויסע פענצטער. ברוינע, נידעריקע בענקלעך זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין רייען, איינגעפּאַסט אין זיי קליינע, בייכיקע טינטערס.

לייבוש האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל, האָט זיך עטלעכע מאָל דורכגעשפּאַצירט איבערן צימער, צוברומענדיק דערביי אַ ניגון, אַ ניגון וואָס איז געווען דורכגענומען סיי מיט פרייד און סיי מיט אומעט.

ער האָט צוגעטראָטן צו דער קליינער אויוועלע, וועלכע איז געשטאַנען אין אַ ווינקל פון צימער, אויסגעלאָשן און קאַלט. אַרום אויוועלע זיינען געלעגן טרוקענע שטיקלעך האָלץ אין אַ בערעמיע. לייבוש האָט זיך אָנגעבויגן אויף די קני און האָט איינגעהייצט אין דער קליינער אויוועלע. די העלצלעך האָבן אויפגעפלאַמט יונג און העל. אין אַ ווילע אַרום האָט אין צימער פאַרשמעקט מיט פעך און וואַרעמקייט.

לייבוש האָט געוואַשן די הענט און זיי געטריקנט אַנטקעגן די פלאַמען פון אויוועלע. ער האָט אויסגעוויקלט פון אַ ווייסן פּאַפּיר עטלעכע אויפגעשניטענע זעמל, אין וועלכע ס׳איז געלעגן ווייסע, גראָבע שטיקלעך קעז. די גוט אויסגעבאַקענע זעמל האָבן גע־ טרעשצעט אין לייבוש׳עס ציין, ווי די העלצלעך אין אויוון...

נאָכן אָנבייסן האָט לייבוש גענומען די באַרשט, האָט געראַמט אונטער די בענקלעך, איז לייכט איבערגעגאַנגען מיט דער באַרשט אויף די ווענט. ער האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויף די בענקלעך און האָט איבערגעצויגן מיטן באַרשט איבער דער סטעליע. האָט דאָס שטויב מיט די פּאַפּירן, צונויפגעשאַרט אין איין פּלאַץ, האָט ער זאָרגפעלטיק צונויפגענומען די שמוץ, ווי עפּעס אַ גוטן חפץ האָט ער דאָס געטראָגן אין זיינע הענט...

ער איז צוגעגאַנגען צו דעם גרויסן שוואַרצן טאָפל, וואָס האָט פאַרנומען אַ האַלבע וואַנט און מיט אַ ווייסע שטיקל קרייד, אויסגעצירקלט, אויסגעקיילעכדיקט דעם ערשטן גרויסן אלף. ער איז אָפּגעטראָטן אַהינטער און געקוקט אויפן „א״ און אויסגעקומען איז ליבושן, אַז ער לעבט, אַז דער אַלף אָטעמט און אַזוי ווי ער האָט אים דער ערשטער באַשאַפן. פאַר גרויס פרייד און נייגיר האָט ליבוש אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער... ער איז איבערראַשט געוואָרן: אויפן באַרג אין אַ קליינער גרופּע, איינע נאָך דעם אַנדערן, זיינען די קינדער געגאַנגען באַלאָדענע מיט רענצלעך אויף זייערע שמאָלע אַקסלען — זיי האָבן אויסגעקוקט ווי קליינע וואַנדערער אין אַ נייעם לאַנד. — — —

# נאָכן סטרייק

איבער זעקס וואָכן צייט איז בעני געשטאַנען אין סטרייק. אַלע טאָג האָט ער צוויי שעה צייט אַרומגעמאַרשירט ביים אַריינגאַנג פון שאָפּ מיט צוויי אָנגעהאָנגענע ווייסע טאָוולען...

די צוויי שעה, וואָס בעני האָט געמאַרשירט, האָט ער שטילערהייט אויסגעזונגען אַלע לידער וואָס ער האָט געקענט. ער האָט איבערגעטראַכט אַלע ליבעס זיינע, וואָס ער האָט געפירט...

שוין יאָרן ווי ער איז אַן אַרבעטער! אַ סך וואָסערן זיינען אַריבער איבער אים, איידער ער האָט זיך די אַרבעט דערלערנט. אַ סך שטערונגען דורכגעבראַכן, איידער זיינע הענט זיינען געניט געוואָרן... איצט איז ער איינער פון דער פיל מיליאָניקער אַרבעטער משפּחה... זיי זיינען אָנגעצונדן מיטן פייערדיקן קאַמף פאַר גערעכטיקייט. — — —

אויף די גרויסע מאַסן פאַרזאַמלונגען פון די סטרייקערס, זעט זיך בעני מיט אַ סך באַקאַנטע... מען רעדט זיך דורך, מען אַמפּערט

זיך. און, ווי וואונדערלעך! די שטילע, די יונגע אַרבעטער מיידלעך, זיינען איצט קריגעריש און זייערע אויגן לייכטן מיט אָפּפער־ וויליקייט. און ווען אַ רעדנער, צי אַ רעדנערקע, שרייט אַראָפּ פון דער טריבונע צו די אַרבעטער מיט פייערדיקע ווערטער, הויבן זיך אויף די מיידלעך און זיי רוישן מיט זייערע הענט, ווי מיט פליגל. און די מענער שרייען בראַוואָ, און זיי יובל'ען דעם פּאַראויס־ געצייכנטן זיג...

איבער זעקס וואָכן, האָט בעני מאַרשירט ביים אַריינגאַנג פון זיין שאַפּ. ער האָט אַכטונג געגעבן מיט איבערגעגעבנקייט און מסירת נפש אַז קיין פרעמדער זאָל ניט אַרויפגיין אַרבעטן. און ער האָט געפילט, אַז דאָס זעלבע טוען אויך די איבעריקע, וועלכע זיינען אַרויס אין סטרייק...

אין דער יוניאָן זיינער ווערן אַלע טאָג אויפגעהאָנגען די נעמען: ווער ס'איז טעטיק און ווי אַזוי דער סטרייק איז אין פולן גאַנג...

ווען דער סטרייק האָט זיך געענדיקט און בעני איז אַרויף צוריק אַרבעטן, האָט אים דער שאַפּ אויסגעקוקט היימישער. די פענצטער זיינען געווען אויסגעוואַשן, די מאַשינען האָבן אין זייער רוישן געהאַט טענער פון זיג... און דער וואַנט־זייגער איז שנעלער געגאַנגען... און די אַרבעטער אין שאַפּ האָבן אויסגעקוקט אין בעני'ס אויגן ווי ברידער אין זיג...

## דזשאָרדזש וואַשינגטאָן

גראַבע קאַנאַטן זיינען פאַרצויגן ביי ביידע זייטן גאַס. די קאַנאַטן האַלטן אײן די ווענט מיט מענטשן. פּאָליציי־לייט רייטן הין און צוריק. און פון ווייטן שאַלן און שטורעמען אָרקעסטערס. די אַמעריקאַנער פאָנען פלאַטערן מיט די איידעלע שטרייפן און שטערן.

דער גרויסער בילד פון דעם ערשטן פּרעזידענט האָט זיך באַוויזן. פיר זקנים טראָגן דעם בילד. זיי גייען אָנגעטאָן ווי גענע־ראַלן. הינטער זיי אַן אָרקעסטער, זעלנער אַרומגעוויקלטע מיט מעשענע טרובעס אַרום די העלדזער; ווי גלוטיקע שלאַנגען גע־האַרכזאַמע... די זעלנער טרעטן אין פוס ווי איינער. זייערע פּנים׳ער אָנגעהיצט, אָנגעבלאָזן ווי פּענכערן.

עס מאַרשירן מיידלעך אין מאַנסבילישע שטייפע מונדירן. זיי גייען פאָראויס, אַ הינטער, ווי יונגע, ווילדע געגילזעטע פערד.

ווידער אַן אָרקעסטער: פון דינע זילבערנע פייפלעך, מיט אַ סך העקלעך און קנעפּלעך. נאָך זיי מאַטראָסן מיט ווייסע היטעלעך אַראָפּגערוקטע האַלב אויף די שטערנס. זיין טראָגן ביקסן אויף די אַקסל. און עס שאַרן די לאַנגע ברייטע קלאָשנעס ביי די שיך.

דער פּאַראַד וויגט זיך. איין אָרקעסטער שאַלט איבער דעם אַנדערן. רייטער און פוסגייער, אַלט און יונג, שוואַרצע און ווייסע גייען אין דעם מאַרש.

און דאָס הויז וואו דער ערשטער פּרעזידענט האָט געלעבט:

— שטייט נאָך אף אַ בערגל לעבן דעם טייך פּאָטאָמעק. די צוויי הויכע הימל־בעטן שטייען פאַרבעטע, ציכטיקע און פאַרלאָזטע. זיינע מאַנו־סקריפּטן, איבערגעמעקטע. וואו ניט וואו ליגן אונטער אַ שווערער גלאָז. אויך זיין שאַל־האָרן (ווען ער איז געגאַנגען אויף יאַגד) ליגט אַן אויסגעבויגענער, אַ דורכזיכטיקער מיט שווערע גאַרבן, מיט אַ פאַרשטומטן קול. די גערויכערטע שטולן צוגערוקט צום גרויסן אַלטן הילצערנעם אָפּגעדעקטן טיש. די שטולן דערציילן פון גרויסע געסט... און די גרויסע טשוגענענע טעפּ הענגען אין קיך טרוקענע, פּוסטע. און דער אויוון אַ קאַלטער אַן אָפּענער...

פון דעם טייך פּאָטאָמעק און יבשה פאָרן אַן אַלע טאָג געסט פון דעם גרויסן לאַנד.

די מענטשן קרייזן שוויגנדיקע, מיט פאַרכטיקייט אַרום דער אַלטער הילצערנער הויז; מיט די לאָדנס ביי די פענצטער ווי אַראָפּ־געלאָזטע פליגל. די צימערן זיינען פאַרטונקלט. אַ פאַרשטומטער גרויסער גייסט שלאָפט אין זיי...

# „דאָקטוירים״

אַן אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן גאָלדמאַנס קליי־דער־שאַפּ. צוויי מענער זיינען אַרויסגעשטיגן, דורך די אָפענע טירן פון אויטאָמאָביל האָבן זיי אַרויסגענומען אַ בונט דראָטן, צווענגלעך, האַמערס.

ביידע מענער זיינען אַריינגעקומען אין שאַפּ, האָבן זיי אַרויף געטאָן אויף זייערע יום־טוב׳דיקע קליידער לאַנגע ברייטע לייווענ־טענע „אָוועראָלס״. זיי האָבן זיך געהאָלפן פאַרשפּיליען די קנעפּלעך, פאַרציען די פאַסקעלעך. דערנאָך האָט איינער פון די מענער אַרויס־גענומען אַ ליולקע, פון אַ לעדערנע בייטעלע און מיט דער ליולקע אָנגעשעפּט טאַבאַק. דער צווייטער מאַן האָט אים צוגעטראָגן אַן אָנגעצונדענע שוועבעלע, דערביי אַרויסגענומען אַ ציגאַר און פאַר־רויכערט.

זיי האָבן ביידע שטיל גערעדט בלאָזנדיק איינער אויפן אַנדערן דעם רויך. דערנאָך האָט איינער פון די מענער אַ קלעטער געטאָן אויפן וואַנט־לייטער, געעפנט די גרויסע שוואַרצע פּושקע, וועלכע איז געווען צוגעניטעוועט צום וואַנט, פון וואַנען ס׳האָבן זיך גע־צויגן דראָטענע נערוון איבערן שאַפּ... ווען ער האָט געעפנט די וואַנט־פּושקע, האָט זיך דאָרט געזען זאַכענישן; ווי, ניט צוגלייכנדיק, מען פּאַלמעסט אַ מענטשן...

דער מאַן וואָס האָט גערויכערט די ליולקע, האָט אַרויפגערעדט צום מאַן מיטן ציגאַר, אים דערלאַנגט אַלע ווילע אַרויפצו אַנדערע געצייגן. ער האָט אין דער הויך געקניפּט דראָטן, זיי פאַרניטעוועט, אַריינגעדרייט שרויפן, פאַרשטייפּט קווינטן...

דערנאָך איז דער מאַן מיטן ציגאַר אַראָפּ פון לייטער. און דער מאַן מיט דער ליולקע איז אַרויף... זיי האָבן געצויגן דראָטן ביי די ווענט פון שאַפּ איבער דער סטעליע.

צוועלף אַ זייגער האָבן זיי אויפן ברעג פון אַ טיש געגעסן זייערע מאָלצייטן. זיי האָבן גערויכערט סיגאַרעטלעך ניט רעדנדיק

צווישן זיך און צו קיינעם אין שאַפּ. זיי האָבן זיך געוויזן די טאַשן זייגערלעך... און פונקט איינס אַ זייגער האָבן זיי זיך צוריק גע־שטעלט אַרבעטן.

אַ זייגער פיר האָבן זיי אויפגענומען די געצייגן וואָס זיינען געווען צעוואָרפן איבערן שאַפּ. זיי האָבן זיך לאַנג געוואַשן ביים אָפענעם קראַן. זיי האָבן רואיק און לאַנג זיך אָפּגעשטויבט, געקאַמט, געבונדן די שניפּסן.

דערנאָך האָט איינער אַ דריי געטאָן איין שרייפל, דער צווייטער אַן אַנדער שרייפל...

אין שאַפּ האָט אַ שאַל געטאָן! אַ ווילדער כוח איז דורכגעגאַנגען דורך די אייזערנע שלאָפנדיקע מאַשינעס. די רימענע פּאַסן האָבן זיך צעיאָגט, צעזונגען. און ביידע מענער האָבן זיך צעשמייכלט...

# אויס מלחמה

אַ פּראָזשעקטאָר האָט דורכגעקוקט די כמאַרעס און אָנגעזאָגט די ווייטע וועלטן: ס׳איז פרידן אויף דער ערד!...

באַלד האָבן די ראַדיאָס גיך פאַנאַנדערגעטראָגן די גוטע בשורה.

פענצטער זיינען פאַרליכטיקט געוואָרן. מענטשן, האַלב־אָנגעטאָן, האָבן זיך אַרויסגעבויגן און געקוקט אין די גאַסן, וואָס האָבן שוין גערוישט מיט שרייענדיקע אויטאָמאָבילן.

סירענעס האָבן געריסן די נאַכט. גלעקער האָבן געקלונגען און געפירט ווייטע ווידער־קולות.

הינט האָבן פריידיק געבילט, און ניו־יאָרק האָט אויסגעקוקט ווי אַ פרידלעכער גרויסער דאָרף.

## אַלטע צייטונגען

מיליאָנען פענצטער צעעפנט פון הויכע און נידעריקע שטאָקן. און מענטשן, יונג און אַלט, קליין און גרויס, האָבן געשלעפּט די אַלטע צייטונגען — וואו פאַר די אַלע יאָרן פון דער מלחמה איז געווען פאַרשריבן אין זיי דער געשריי און פּיין פון דער ברענענדיקער וועלט. די מענטשן זיינען אַרויפגעפּאַלן אויף די אַלטע צייטונגען ווי ווילדע: זיי געפּאַסעוועט, געפּערטלט, געפּיצלט, און זיי אַרויסגעשיקט אויפן ווינט. אַ געדיכטער שניי האָט פאַרדעקט די גאַסן...

די מענטשן האָבן אויף די צעריסענע צייטונגען געטראָמפּלט, געטראָטן. ס׳איז געווען פאַר זיי דער סימבאָל: —

אַ סוף פון די מלחמות! —

פאַר אַלע דורות...

ח י י ם   פ ע ט

## פייערן אויף די גאַסן

מיידלעך און אינגלעך האָבן געטראָגן קעסטלעך העלצער, זיי האָבן דאָס אויסגעלייגט אין אַ גרויסע פּאַדקאָווע.

ווען דער „ווי" האָט זיך אָנגעצונדן, אויפגעפלאַמט, פונקען אַרויסגעשאָסן, האָבן די פריילעכע צוקוקער אויפגעשטורעמט: הורא! וויוואַט! בראַוואָ! און אַרומגענומענע האָבן זיי אויסגעקוקט פאַנ־טאַסטיש, האַלב אין שאָטן, האַלב אין באַלייכטונג.

און אַנטקעגן פייער איז געזעסן אַן אַלטיטשקער.

אין זיינע ציטערדיקע הענט אַ צעווייטע קליינע אַמעריקאַנער פאָן מיט שטרייפן און שטערן...

## פרידלעכע ביקסן

אויף אַ טיש אינמיטן גאַס אָנגעשטעלט מיט פלעשער בראָנפן, פלעשער וויין, טאָרטן און קיכלעך.

זיינען געשטאַנען טאַטע־מאַמע. לעבן זיי צוויי זין, געקומענע אויף אורלויב. איינער פון פּאַסיפיק, דער צווייטער פון אַטלאַנטיק. זייערע סאָלדאַטסקע קליידער, די פּאָר מעדאַלן, האָבן אומעטום גע־היים דערציילט פון געפאַרן...

אָבער אין זייערע אויגן איז שוין געווען נייע פרייד אויפ־וואַכונג... און צוויי אָנקלס זייערע זיינען אַרומגעגאַנגען מיט ביקסן און ניט דורכגעלאָזט קיינעם אין גאַס. מען האָט געמוזט טרינקען און פאַרבייסן...

דער עולם האָט טאַקע געשמאַק געטרונקען.

אָבער פאַר די ביקסן האָט מען שוין מער ניט מורא געהאַט...

## 17־יאָריקע בחורים

הענט אויף אַקסל זיינען זיי געגאַנגען אין שמאָלער רייע אויפן מיטן גאַס. זייערע קוטשמעס האָר געווייעט אין ווינט. זיי האָבן געזונגען מיט שטאַרקע שטימען. זיי זיינען געווען אַרומגעוויקלט מיט ברייטע, פילפאַרביקע פּאַפּירענע סטענגעס...

דער עולם האָט גערעדט:

— די בחורים וועלן שוין קיין מלחמה ניט זען. און זייערע ווייבער און קינדער וועלן שוין ניט וואַרטן אויף יענע טונקעלע, געעפנטע בריוולעך...

## מ אַ ט ר אָ ס ן

ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט האָבן זיך דורך די געעפנטע טירן צעשאָטן אַ קאָמפּאַני מאַטראָזן אין די אַכט וואַגאָנען.

באַלד האָט שוין די באַן גערוישט אין טונעל. ניין, דער געזאַנג, די גוטמוטיקע הויכע רייד האָבן אַריבערגעשריען דאָס רוישן פון באַן.

די מאַטראָזן האָבן אויסגעקוקט ווי אַ מחנה אָנגעפלויגענע פויגל...

## טיימס סקווער

דער ים איז אַרויס פון זיינע ברעגן און פאַרפלייצט בראָדוויי. קעפּ אויף קעפּ. אַקסל איבער אַקסל. די מיליאָניקע מאַסע גייט אויפגעגאָסן, אויפגעשלאָסן, פאַרברידערט. באַגריסונגען פון דעכער, באַלקאָנען. בראָדווייער זונען באַלייכטן די יובלענדיקע מאַסע, וואָס איז געדיכט ווי טייג.

זיי גייען דערלייזטע, אויפגעזונגענע ווי אין לאַנד פון אייביקן פרידן...

חיים פעט

## פּאָליציי־לייט

אויסגעבאָדענע, אַרומגעגאָלטע, אָנגעדרויסנטע, זיצן די פּאָ־ליציי־לייט אויף ברוינע דרעסירטע פערד, אויסגעגאָסענע ווי פון בראָנז. מענער אין מאַרש באַגריסן זיי. ווייבער שמייכלען. בחורים גלעטן זייערע פערד, האַלטן פאַר די צוימען. און די מיידלעך ווינקען, פלירטעווען. די שלאַנקע רייטער בויגן זיך פון די פערד, קושן די מיידלעך.

די מאַסע ברויזט. אַ פאַרביקער רעגן פון קאָנפעטי פאַלט אויף זיי...

און די פּאָליציי־לייט זיצן אויף די פערד ווי פאַר'כשופ'טע היטער — מען זאָל ניט שטערן די גרויסע פרייד...

## אַ בלאָק־פּאַרטי

די קליינינקע לעמפּלעך אין גאַס פאַרשאָטן ווי שטערן. די ווענט פון די הייזער דעקאָרירט מיט פאָנען. די אַרומגעשאָרענע ביימער מיט לענטעס. אויף יעדע זייטן טראָטואַרן טישלעך אָנגעשטעלט מיט פלעשער. מוזיקאַנטן בלאָזן אויף געשייערטע טראָמפּייטן. אַן אַלטע פּיאַנאָ שטייט אויפן מיטן גאַס ווי אַ רייכע, גוטע מומע... מיטל־יאָריקע טאַנצן אַ רוסישער שער; יונגוואַרג פּאַטשן מיט די הענט, פייפן און יובלען. די אַלטמאָדישע טענץ דערציילן פון יונגע, בונטע יאָרן.

אין צווייטן טאַנץ גייען אַריין יונגע. שלאַנקע פיס פון מיידלעך שווימען אַרויס איבער די קני. און די בחורים פירן די מיידלעך אין וויכער, הויבן זיי אין דער לופטן. ווען די מוזיק שטילט זיך, גייען זיי אין רונדן באַק־צו־באַק, פאַר'חלומ'טע, פאַרליבטע...

און ווי געשוואָרענע פון גאָט:

זיי וועלן שוין אַלעמאָל טאַנצן דעם טאַנץ פון שלום...

# בלוט און פאַרב

חפץ האָט אָנגעצויגן אַ פרישן לייוונט אויפן הילצערנעם גע־שטעל, אָנגעגרייט דעם כאַלאַט, די פּענזלס, די פאַרבן, זיך אַריינ־געזעצט אין טיפן שטול און געקוקט אויפן זייטל פלייש וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט.

שוין דעם פערטן טאָג — ער רייסט אַראָפּ איין לייוונט נאָכן צווייטן. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול, געגלעט דעם לייוונט, געוואָלט אויפוועקן די נאָכגיביקייט... ער האָט אַ צי געטאָן צוויי שטריכן, ניט געווען צופרידן. די ליניעס זיינען אַרויסגעקומען קרום, די פאַרב אָן לעבן.

די האַנט האָט אים געציטערט, און זיין האַרץ איז אָנגעפילט געוואָרן מיט קעלט. פאַר כעס האָט ער אַראָפּגעריסן דעם לייוונט...

ער האָט געקוקט אין די בילדער אויף די ווענט, זיך אַליין געוואונדערט איבער זיינע שאַפונגען. פון יעדן בילד האָט געאָטעמט יוגנט. ער האָט געמערקט זיין פעסטע האַנט אין די ליניעס. — יע, ער וועט אָפּמאָלן אַ זייטל פלייש! דאָס זייטל פלייש וועט ווערן אַ סימבאָל, אַ וואָרנונג... ער וועט אַריינמאָלן די גאַנצע אויסשלאַכטונג פון לעבן אין דעם זייטל פלייש...

ער האָט געעפנט דאָס פענצטער, געטריבן דעם שלעכטן ריח וואָס האָט זיך געטראָגן פון זייטל פלייש.

ער איז אַראָפּ אין גאַס. דער ווינט האָט געשויבערט זיינע האָר אויפן קאָפּ. דער ווינט האָט אים געמונטערט, אָפּגעפרישט, דער־ציילט פון געדיכטע וועלדער, פון אויפגעוועקטע פעלדער. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים, געוואָלט הערן די שפּראַך פון די וואָרצ־לען, געוואָלט הערן ווי עס רינט די זאַפט אין די צווייגן, וואָס זיינען קלעפּיק שוואַרץ, און גרייטן זיך אויפצושפּאַלטן די קנאָספּן. דאָס אָנקומען פון פרילינג האָט אים דורכגענומען מיט גליענדיקע שפּי־רונגען. און ווי אַ ווייטע שטים האָט צו אים גערעדט: חפץ! גיי צו די מייסטערס! זיי וועלן דיך לערנען ווי צו פירן די האַנט איבערן

לייוונט. די האַנט איבערן לייוונט דאַרף מען פירן ווי אַ בויגן איבערן אַלטן גוטן פידל. דער לייוונט דאַרף זינגען אונטער דיינע פינגער. די פאַרבן דאַרף מען צוזאַמענוועבן ווי דינע פעדימלעך זייד. די פאַרבן דאַרפן אייביק גליען ווי דעם מענטשנס געדאַנק. ווי אַ קלאַ־פּענדיק האַרץ דאַרף די פאַרב פולסירן.

אַ הייס אויפגעשטראַלטער, איז ער אַרויף צוריק אין סטודיאָ. אָפּגעשלייפט דעם שניפּס, אַראָפּגעכאַפּט דעם רעקל, געוואַשן לאַנג די הענט, געקילט די גליאונג אין זיינע פינגער. ער איז געשטאַנען אַ ווײַלע פאַרן לייוונט מיט דינע און גראָבע פּענזלס, איינגעטונקט אין פאַרשיידענע פאַרבן. זיינע אויגן האָבן אויפגעלויכטן...

ער האָט לייכט אַ פיר געטאָן אַ פּינזל איבערן לייוונט, אַ צווייטן פּינזל און אַ דריטן, זיי געביטן אין די הענט. גענומען טאַנצן אַרום לייוונט, ווי אַרום אַ לעבעדיקן וועזן. און ווי דורך אַ וואונדער האָט זיך באַוויזן אַ האַלבע אויסגעבויגענע ריפּ, דער ביין פאַרוואַקסן מיט פלייש, פאַרצויגן מיט אַ דינער הויט...

חפץ האָט געהאַלטן די פּינזלס ווי באַצוואונגענע... דער לייוונט האָט גיריק פאַרשלונגען די פאַרבן און שטום געבעטן נאָך אַ ליניע, נאָך אַ שטריך. ריפּ נאָך ריפּ איז געבאָרן געוואָרן אויפן לייוונט, אָפּ־געזונדערטע ווי קליעפּקעס פון אַ צענומענער כלי.

חפץ האָט זיך נענטער, וואַרעמער צוזאַמענגעגאָסן מיטן לייוונט, געאַרבעט מיט דינענקע פּינזלס ווי שטרויעלעך. ער האָט געוועבט אָדערן אויפן לייוונט, זיי אָנגעטרונקען מיט פרישן בלוט. ער האָט געמאָסטן די ווייטקייט פון איין ביין צום צווייטן. ער האָט די ביינער אויסגעבויגן ווי האַלבע רייפן און זיי צוזאַמענגעשלאָסן מיט פלייש און הויט. ער האָט מערניט געפילט דעם ריח פון דעם שוואַרצן צעפּאַלענעם זייטל פלייש... פון דעם קליינעם לייוונט האָט אַראָפּ־געלעבט אַ ראָזעווע יונג זייטל פלייש אין גליענדיקע פאַרבן — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# שוועסטער

קלאַרע האָט מיט ציטערדיקע הענט אַרומגעדעקט די אינגערע שוועסטער וואָס איז געשלאָפן לעבן איר. מיט ליבשאַפט געקוקט אויף איר פּנים: אויסגעאיידלטע קנייטשן, דינע דעקלעך איבער די אויגן.

זיך אָנגעליטן מיין שוועסטערל! — האָט קלאַרע געטראַכט. אויף זיך זעט מען ניט. זי האָט זיך באַטראַכט אין שפּיגל: מער גרויע האָר ווי שוואַרצע. זי איז לייביק. וואָס דען, דאַרקייט וואָלט איר געפּאַסט? ניט קיין טאַנצענדיק מיידעלע. זי האָט שוין אַן אייניקל אַ צעבליטע רויז. מען קען ניט צוהאַלטן די יאָרן. אַט געווען אַ כלה־מיידל, אַ יונג ווייבל. די מאַנסבילן האָבן די אויגן ניט אַראָפּגענומען... צוויי שטיקלעך קינדער געהאַט. מיין לעבן איבערגעציטערט איבער זיי. בייטאָג ניט געהאַט קיין רו, ביינאַכט קיין שלאָף.

און דער מאַן מיינער, דער גן־עדן זאָל זיין פּאַר אים אָפן — ניט געקענט אַ קאַץ אַן עק פאַרבינדן; געקוקט אין ספרים און גע־ברומט אונטער דער נאָז...

מיין שוועסטער איז דען בעסער געגאַנגען!? געבליבן אָן קינ־דער, אָן רינדער. דער ערשטער מאַן אירער איז אַוועק פרי פון דער וועלט. אַ יונגערמאַן געשיינט ווי די זון, אַ מאַדים! אַ פייער! ניט גערוט! געפּאָרן אין היצן און קעלטן.

אַ הויז האָט מיין שוועסטערל געפירט, אויף אַלע אידישע טעכטער געזאָגט געוואָרן... געקליידט זיך ווי אַ האַרנטע.

זיידענע קליידער, לאַסטענע שיכלעך, פּעלערינעס, ראָטאָנדעס, צירונג און שנורן פּערל. „דאָס גליק האָט קורצע יאָרן" געקומען אַ פּאַרקילטער, זיך אַריינגעלייגט אין בעט אַ פּאַרטראָגענער, אַ פּאַר־בייאיקער, אַ ניט היגער...

דאָס לעבן היילט אויס. אַ יונגע שיינע פרוי איז מיין שוועסטער געווען און ניט אָרעם. האָבן די שדכנים אָפּגעשלאָגן די שוועלן.

איר האַרץ איז ווייכער געוואָרן. אַ פרוי אַליין איז ווי אין וואַלד פאַר־געסן... חתונה געהאַט דעם צווייטן מאָל. צוריק אויפגעשיינט. ניט געקענט זיך אָפּלויבן פון זיין קלוגשאַפט, זיין ליבשאַפט...

מיט אַמאָל ווי אַ דונער פון קלאָרן הימל, דער מאַן אומעטיק געוואָרן... — וואָס דריקט דיך? וואָס פעלט דיר? ווי פון שטיין, פון אַ שלאָס — ניט אַ וואָרט... פון טאָג צו טאָג פינצטערער, אויס געשטאַלט פון אַ מענטשן...

זי איז אַרויס פון באָד־צימער, געבליבן שטיין אַ שמייכלענדיקע. איר שוועסטער דאָרע איז געזעסן אויפן ברעג בעט. — גוט מאָרגן שוועסטער לעבן! האָט איר קלאָרע, ווי די בעל־הבית׳טע פון הויז, געגריסט די ערשטע. — ווי האָט זיך געשלאָפן, דאָרעלע? ווי אין פוך, ווי אין האָניק...

ווען דאָרע איז אַרויס פון באָד־צימער, אַן אויפגעראַמטע, אַ פאַרקעמטע האָט איר שוין קלאָרע באַגעגנט מיט פרייד און גינצי־קייט אין איר קול: — שוואַך אין האַרצן, דאָרע?

דאָרעס פנים האָט אויפגעשפּילט; אויפן קיך־טישל איז אין צוויי דינע שמאָלע גלעזלעך געשטאַנען זאַפּט, אַ סלויטשיקל האָניק, טעלערלעך קאַשע פאַרגאָסן מיט מילך, אַנגעשניטענע פּענעצלעך חלה. — וואָס זאָגסטו אָף דיין עלטערע שוועסטער? דאָרע האָט געקלאַפּט אויפן הילצערנעם טיש... ווער איז מיר פאַרבליבן אויף דער ווייסער וועלט?...

שפּעטער זיינען ביידע שוועסטער געזעסן אין טיפע ווייכע שטולן. זיי האָבן געלייענט איין צייטונג. קלאַרע האָט געלייענט די פאָדערשטע זייט, וואו די נייעס איז געווען געדרוקט אין גרויסע אותיות, געלייענט אין אַ שטילן אומעטיקן קול און געזיפצט...

און דאָרע האָט געלייענט דעם ראָמאַן. ס׳זיינען איר געשטאַנען טרערן אין די אויגן...

אַ ווײַלע אַרום זיינען ביידע שוועסטער געבליבן זיצן שטילע, איינגעדרעמלטע אין די ווייכע שטולן. און די זון דורך די פענצטער האָט זיי פאַרקושט און ווי פאַרמילדערט זייער אומעט ...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

# דאָס געצייג רעדט

איזי איז אַרויס פון דער יוניאָן אַ שטראַלנדיקער מיט אַ צע־טעלע אין האַנט... ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן אַדרעס, אַ באַוואוסטע פירמע! עס דאַרף זיין אַ וואַזשנער שאַפּ.

שפּעטער איז איזי אַזוי געשטאַנען אין אַ גרויסן אָפיס־צימער, און דער בעל־הבית פון דער פירמע האָט צו אים זייער שטיל גע־רעדט. ניט נאָר שטיל האָט ער גערעדט, נאָר כמעט הייליק... — ביי וועמען האָסטו געאַרבעט?

איזי האָט זיך ניט פאַרלוירן. ער האָט אויסגערעכנט עטלעכע באַוואוסטע פירמעס.

— דאַרפסטו דאָך קענען אַרבעטן! — האָט דער בעל־הבית מיט איינגעהאַלטענער לצנות אַ שמייכל געטאָן.

— גיט מיר אַ געלעגנהייט וועט איר זען, וואָס איך קאָן טאָן — האָט איזי מיט אַ געוויסער זיכערקייט אין זיין שטימע אַ זאָג געטאָן.

דער בעל־הבית האָט אים דורכגענומען, אָפּגעמאָסטן מיט זיינע שפּיציקע אויגן...

— „וועל", קום מאָרגן פונקט אַכט אין דער פרי. — און ער האָט פאַרמאַכט הינטער איזיס נאָז די טיר.

מאָרגן, ווען איזי איז אַריין אין שאַפּ, איז אים אַנטקעגן געקומען דער פאָרמאַן אין אַזאַ מין פאַרטוך, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ קיטל.

— נו, וואָס שטייסטו ווי אַ נעכטיקער? טו זיך אויס דעם מאַנטל, דאָס רעקל, די הוט, און ווייז וואָס דו קאָנסט... דאָ האָסטו אויפן טיש אַלץ צוגעשניטן. דאַרפסט וויסן זיין, אַז דאָ אין שאַפּ רויכערט מען ניט און מען רעדט ניט. דאָ איז ניט קיין חדר!... דאָ אַרבעט מען און נאָך ווי! דאָ דאַרף מען זיך אַ שאָקל טאָן...

איזי האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף די צוגעשניטענע צייג, מיטביידע הענט. זיינע הענט, סיי פלינקע, סיי געניטע, זיינען געווען איצט אָנגעצונדן מיט אַזאַ קוראַזש, מיט אַזאַ אימפּעט, אַז פון די צייג איז אַזש אַ רויך אויפגעגאַנגען...

דורכן גאַנצן טאָג האָט איזי ניט געהערט אַ וואָרט אויסרעדן פון זיינע מיטאַרבעטער. איבער אַלע ווענט פון שאַפּ איז געווען אויסגעדרוקט אין גרויסע ענגלישע אותיות: ניט רויכערן, ניט רעדן...

איבער דער גאַנצער ברייט און לענג פון שאַפּ זיינען די אַרבעטער געשטאַנען אַריבערגעבויגענע איבער טישן ווי איבער וויגן...

איזי האָט אַפילו זיך ניט געקאָנט איינזאַמלען צו טראַכטן... די רימענע ברייטע פּאַסן איבער די גרויסע און קליינע רעדער פון די מאַשינען האָבן געליאַסקעט, און זיי האָבן אַרויסגעגעבן אַ הייזעריקן געוויין. און די מאַשינען אַליין, ווי מיט מיילער פון לייבן, האָבן געבורטשעט, זיך געבייזערט. זיי האָבן אַריבערגעשריען איינער די אַנדערע.

און ווייל קיינער פון די אַרבעטער האָט ניט גערעדט אין שאַפּ, דעריבער האָט איזי זייער שאַרף געהערט ווי יעדע געצייג רעדט אויף איר לשון:

# ביטריס

ביטריס אַרבעט אין אַ שאַפּ פון איבער דריי הונדערט אַרבעטער, בחורים און מיידלעך. דער שאַפּ איז גרויס און צעוואָרפן און עס רוישן אין אים איבער הונדערט ניי־מאַשינען.

און כאָטש ביטריס איז אַ קליינינקע, אַ דאַרינקע, אָבער אירע שמאָלע, לאַנגע פינגער, זיינען באַוועגלעך און פלינק.

און די ניי־מאַשין רוישט ביי איר, ווי אַ ווילדער אומדערבאַרעמדיקער ווינט וואָלט זיך דאָרט אַריינגעכאַפּט.

די ערשטע צייט, ווען זי איז אָנגעקומען אין שאַפּ אַרבעטן, האָבן די אַרבעטער געוואָרפן אויף איר אַן אומ׳חן. זיי האָבן איר כמעט פאַרהאַסט פאַר איבעריאָגן אַלעמען אין דער אַרבעט.

ב י ט ר י ס

ביסלעכווייז אָבער האָט ביטריס געוואונען זייער צוטרוי און פריינטשאַפט. אירע לידער, וואָס זי האָט געזונגען, האָבן ווי וויכער געמאַכט דאָס אייזערנע רוישן פון די מאַשינען. אירע גרויסע, שמייכלענדיקע, וואַרעמע אויגן האָבן פאַרווירט ניט נאָר די מענער, נאָר אַפילו די פרויען. און פון ערשטן טאָג אָן, וואָס ביטריס האָט זיך געשטעלט דאָ אַרבעטן, איז עפּעס ווי דער גרויער מדבר־שאָפּ וואָלט געקראָגן אַ נייע נשמה...

מיטאָג־צייט האָבן זיך די אַרבעטער פונם גרויסן קליידער שאָפּ געשטרעקט זיך שנעל פון די רעסטאָראַנען אין שאָפּ אַריין. יעדער האָט געוואָלט כאַפּן אַ קוק אויף ביטריס׳ן, אַ שפּאַסיקן שמועס, אַ טענצל, — די האַלבע שעה איז דער גרויסער שאָפּ פאַרהילכט געוואָרן מיט פרייד און געלעכטערס. נאָר יונגער, פולער און פריי־דיקער האָט מען געהערט ביטריס׳עס לאַכן... — אין דעם גרויען מדבר־שאָפּ האָט מען געאַרבעט שטיק־אַרבעט. און די אַרבעט האָט געדונערט דאָ ווי אויף אַ שלאַכט־פעלד...

האָט זיך עמעצער אַריינגעשטאָכן אַ נאָדל אין פינגער, האָט מען זיך געווענדעט צו ביטריס׳ן. און זי האָט די קליינע אָפּעראַציע געמאַכט אַזוי געשיקט און פלינק, און זי האָט געאָטעמט בשעת מעשה אויף יענעם מענטשן מיט יוגנטלעכקייט און אָפּפערוויליקייט, אַזוי דאָס יענער, צי יענע, האָט זיך גלייך דערפילט געהיילט... זי איז געווען אַזוי אויסגעבונדן אין שאָפּ, אַז טאָמער האָט עמעצער פון די אַרבעטער געפעלט ביי דער אַרבעט, איז ביטריס געפאָרן צו יענעם אָדער צו יענער באַזוכן.

און אַז אַן אַרבעטער האָט זיך באַקלאָגט אויף אַ קראַנקהייט, האָט ביטריס, מיטאָג צייט, געזאַמלט ביי די אַרבעטער שטיצע און מען האָט איר ניט אָפּגעזאָגט ווען זי האָט אַ קוק געטאָן מיט אירע גרויסע, וואַרעמע שמייכלענדיקע אויגן... און דעם בעל־הבית זונדל, דזשייקל, וואָס איז אגב געווען דער פאָרמאַן אין שאָפּ, האָט שוין ניט געשריען מיט אַזעלכע באַנומענע קולות... זינט ביטריס אַרבעט אין שאָפּ האָט דזשייקל ווי פאַרלוירן דעם לשון און ער האָט זיך אָפּט געגרויטלט...

# דער אַריסטאָקראַט

שלאָסבערג איז אַראָפּ פון בעט, געמאַכט אַ פּאָר שוואַכע איבונגען. אויסגעשפּרייט אַ צייטונג אויפן שטול. פּוצן די שיך איז בעסער איידער מען וואַשט זיך אַרום... געגאָלט פּאַמעלעך. אָפּגע־היט ניט אַ דראַפּע טאָן. גרינטלעך אַרומגעוואַשן, האָט ער צעטיילט אין חלקים צוויי אַפּלצינען. דעם האַרטן קאַפּעליוש גערייניקט מיט נאַפּט. פּאַר אַ היפּשע ווײַלע געשטעלט דעם קאַפּעליוש לעבן דער אָפענער פענצטער — דער בייזער ריח זאָל אַרויסגיין... פאַרן פאַרלאָזן זיין צימער, האָט ער געעפנט ווערטער־ביכער, זיי אויסגע־שפּרייט אויפן טיש. בלייפעדערס און פאונטן־פּענס געלאָזן שטעקן אין אַ גלאָז.

אין גאַס אַרויס אויסגעגלייכט, די ברילן געגלאַנצטע, די שיך געשפּיגלטע. אין איין האַנט אַ שטעקן מיט אַ גאַלקע. אין דער צווייטער אַ לעדערנעם ברוינעם טעשל מיט אַ מעשענעם בלאַט־שלאָס. אין מויל אַ האַלב־פאַרלאָשענעם ציגאַר.

אַריין אין די רייכע קלוב־צימערן. האָבן אייניקע אים באַגריסט פון ווייטן. אַנדערע געגעבן שלום. ער האָט געמוזט איבערנעמען דעם שטעקן אין דער האַנט, וואָס ער האָט געהאַלטן דעם טעשל...

— וואָס מאַכט מיסטער שלאָסבערג?! —

— גאָט צו דאַנקען, האָט ער זיך ווירדיק גענייגט. און אַ גוטן שמייכל געלאָזן רוען אויף זיין פּנים. פאַרבראַכט ביי איין טישל ביי אַ צווייטן. אַריינגעקוקט אין געפּעכט פון שאַך־שפּיל. געזעסן שטיל ווי אַ ליבהאָבער און אָפּשאַצער פון דער טיפער שפּיל.

אַרום פיר אַ זייגער האָט זיך שלאָסבערג פּאַמעלעך אַרויסגע־רוקט פון די רייכע קלוב־צימערן. גענומען די באַן, נאָענט צו אַ האַלבע שעה רייזע איז ער אַרויס. ביים טויער פון דער גרויסער פאַבריק האָט אים שוין דער וועכטער דערקאָנט.

— העלאָ מיסטער שלאָסבערג! איר זענט אַלעמאָל פּינקט־לעך... געעפנט פאַר אים דעם טויער...

שלאָסבערג האָט אַוועקגעשטעלט דעם שטעקן אין אַ זייטיקן צימער׳ל אויפגעהאָנגען דעם לעדערנעם טאַש, דעם קאַפעליוש. אָנגעטאָן אַ לאַנגן פאַרטוך און מיטן בעזים אין די הענט געקערט און געראַמט פון ווינקל צו ווינקל, ביי די גרויסע מאַשינען, וואָס האָבן געקלאַפט און געהודזיעט.

אין אַ פּאָר שעה אַרום איז שלאָסבערג צוריק געווען דער אַריסטאָקראַט מיטן שטעקן, טעשל, מיטן האַלב־פּאַרלאָשענעם ציגאַר און האַרטן שוואַרצן קאַפעליוש אויפן קאָפּ.ביים אייזערנעם טויער האָט זיך שלאָסבערג ווירדיק פאַרנייגט פאַרן וועכטער. און זיי האָבן — זיך ביידע סודות׳דיק צעשמייכלט...

# אַרויסגעטריבן די פּיאַנע

געקומען איז מערי פון דאָקטאָר, אַ פאַרסאָפּעטע. אויסגעטאָן דעם מאַנטל, די הוט, איר מאַמע איז אויסגעוואַקסן מיט פרעגנדיקע אויגן... — יע, האָט דער דאָקטאָר געזאָגט! האָט זיך מערי שטאַרק געריוטיקט.

— באַרואיק זיך טאַכטער, עס זאָל זיין אַ סוד...

אַ ווײַלע אַרום האָט מערי גערופן דער מאַמען: — איך האָב דעם דאָקטאָר איינגעצאָלט פופציק דאָלער, ער זאָל באַשטעלן אַ צימער אין שפּיטאָל. און גייענדיק אויפן וועג אַהיים האָב איך געזען אויף דער „עוועניו" אין מייקל־בראָדערס געשעפט אַ קינדער־וועגעלע — פאַרנעמט די אויגן. מיט אַ בויד און ספּראָנזשינעס, גומענע רעדער, טיף און מיט לעדערנע פאַסיקעס דאָס קינד זאָל ניט אַרויספאַלן... איך וויל אַ מיידל, ס׳איז גרינגער צו האָדעווען.

— נאַרישע ציג! האָט די מאַמע געשמייכלט. וואָס עס וועט קומען וועסטו צונעמען. אין די אומשטענדן טאָר מען ניט אויפהויבן אַ שווערע זאַך. ניט פאַלן חלילה, רוען אַ סך.

## חיים פעט

— מאַמע! ווייסט וואָס איך רעכן: דעם צימער וואו די פּיאַנע שטייט, וועט זיין פאַרן קינד. מיר קריכט ניט אין קאָפּ דער שפּילן. די מאַמע איז געשטאַנען אין גליקלעכער אומבאַהאָלפנקייט און געשוויגן.

פאַרנאַכט ווען דער טאַטע, דער איידעם זיינען געקומען פון דער אַרבעט, אויך די שוועסטער מיטן ברודער, איז דער סוד וועגן מערי׳ן אַרומגעגאַנגען פון איינער צום אַנדערן. אַ געווויסע שולדיקייט איז געלעגן אויף זייערע פּנימ׳ער ווען זיי האָבן געגעסן און אַ געווויסע פאַרשעמטקייט...

שפּעטער האָט מערי׳ס מאַן אַרויסגעפירט די פּיאַנע אינמיטן שטוב, די רעדלעך האָבן געקוויטשעט. און די העפטן נאָטן זיינען געלעגן צעוואָרפן אויף דער אַרויסגעטריבענער פּיאַנע...

# קליינע פאַרצייכענונגען וועגן
# יונה ראָזענפעלד

## 1. איין דערציילונג

יונה ראָזענפעלדס דערציילונג „קאָנקורענטן" האָב איך געלייענט אין דער אַלטער היים, אַרומגערינגלט מיט די ליכטיקע געשטאַלטן פון מיין משפחה.

שוין די ערשטע פאָר שורות פון זיין דערציילונג האָבן מיך אַריינגעצויגן און מיין האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט. די באַקן האָבן זיך אָנגעצונדן. אַ גרויסער כוח האָט אויף מיר געשלאָגן.

יענע נאַכט בין איך ניט געשלאָפן. איך האָב זיך אויסגעמאָלן דעם שרייבערס געשטאַלט: — אַ שמשון הגבור!

ניט אומזיסט איז געוועזן אַזוי שטאַרק דער רושם. פון דער טיפער, דראַמאַטישער, גרויס־מאָלערישער שילדערונג איז ער געקומען.

נאָר טאַקע איך, דער יונגער איבערגעגעבענער בייער לייענער, האָב ווי אַ שוואָם אַריינגעזאַפּט די טויען און שטראַלן, וואָס דער שרייבער יונה ראָזענפעלד האָט מיט זיין מייסטער־האַנט געשפּריייט איבער מיר.

איך האָב זיינע דערציילונגען געזוכט.

איך האָב זיינע דערציילונגען געזוכט, און ווען איך האָב זיך אָנגעשלאָגן אויף אַ נייער שאַפונג זיינער, בין איך צוגעפאַלן ווי אַ דאָרשטיקער, געטרונקען און געטרונקען.

## 2. אין יאָרן אַרום

יאָרן האָבן זיך איבערגעמאָלט. אַ סך וואַסערן זיינען אַריבער. און די שיף, אין וועלכער איך האָב זיך געפונען מיט אַ סך אידישע

עמיגראַנטן, האָט זיך פֿאַראַנקערט אין ניו־יאָרק, אינעם נייעם לאַנד מיט אַ פרעמדער שפּראַך און אַ גרויסן טומל: אַן אייזערנע, שטיי־נערנע שטאָט. — און כאָטש איך בין נאָך געווען אַ יונגער בחור, האָט שוין די עלנדקייט און מורא אויף מיר אַ פּאַטש געטאָן. און מיין בענקשאַפט נאָך די פעלדער האָט אין מיר געוויינט אַ גרויס גע־וויין. צום גליק האָבן מיר די ביכער אין ביבליאָטעקן געהיילט דאָס שווערע געמיט. אין די ביכער האָב איך זיך געטראָגן צוריק צום שפּיל אויף דער פריי... און ווי גליקלעך האָב איך זיך דערפילט, ווען איך האָב דערזען זעקס בענד דערציילונגען פון יונה ראָזענ־פעלד! — איך האָב זיי געלייענט טאָג איין, טאָג אויס. אין זיינע דערציילונגען האָב איך דערפילט דעם ריח פון דער ערד, אויף וועלכער איך בין געוואַקסן.

## 3. זיך באַקענט מיט יונה ראָזענפעלד

אין יענער צייט האָבן זיך שוין געדרוקט עטלעכע פון מיינע דערציילונגען אין דער צייטונג, אויך אין זשורנאַלן. די געציילטע דערציילונגען האָבן מיר געגעבן קוראַזש... און איך פלעג זיך טאַקע, הגם זייער זעלטן, אין אַ שבת פאַרנאַכט אַריינכאַפּן אין דער ליטע־ראַרישער קאַפע. איך פלעג זיך פאַררוקן ביי אַ זייטיקן טישל און קוקן פאַרוואונדערט אויף די שריפטשטעלער, יונגערע און עלטערע; זיי זיינען געזעסן ענג צוזאַמענגענומען ביי די טישן. אידיש לשון האָט דאָ געשאַלט, געזונגען און טריאומפירט.

מיט אַמאָל האָט זיך באַוויזן אַ מאָדנער פאַרשוין און אַלע האָבן אויסגעשריען: יונה ראָזענפעלד!... איך האָב לאַנג געקוקט אויף דעם דראָבנעם איד מיט די פויערשע שטרויענע וואָנצן — און אויף זיינע בגדים: אַ לאַנגע מאַרינאַרקע, צו ברייט פאַר זיינע ביינערדיקע פּלייצעס. פּליודערן אין פאַסקעס. שיך מיט גראָבע פאָדעשוועס.

אַן אָרעמקייט — ווי זיינער אַ העלד וואָלט זיך באַוויזן!

שפּעטער האָט מיך איינער פון די שריפטשטעלער באַקענט מיט יונה ראָזענפעלד! — מיט זיינע ביסטרע, שאַרפע אויגן האָט מיך יונה ראָזענפעלד אָפּגעמאָסטן און אָפּגעוואויגן, און כאָטש ער האָט מיר שטייף אַ דרוק געטאָן די האַנט, האָב איך געפילט זיין גרינג־שעצונג. — ווי איינער זאָגט: ווער איז דער יונגער צוציק? ער האָט געפילט מיין פאַרלוירנקייט. — אַ שיינער יונגאַטש! האָט ער אויס־געזונגען. — איר זענט שוין לאַנג ביי קאָלאָמבוסן אויף קעסט? — וואָס שרייבט איר, „סטיכן"? צי, ווי מיר פּראָסטאַקעס, פּראָזע? און באַלד מיר אויסגעשטרעקט זיין האַנט און ניט געסטייעט.

## 4. ביים ים

סיי אין די פרימאָרגנס, סיי אין די פאַרנאַכטן האָט זיך יונה ראָזענפעלד באַוויזן אויף דעם הילצערנעם בריק לעבן ים. ער האָט זיך געטראָגן מיט צעשאָקלטע הענט. ניין, ס'איז ניט געווען אַ שפּאַ־ציר, נאָר אַ הייליקע שליחות. ער האָט זיך געשניטן מיט זיין שנעלן גאַנג דורך דער גרויסער, יום־טוב'דיקער, שפּאַצירנדיקער מאַסע. איך האָב אים אָנגעגעגנט, באַגריסט. האָט ער זיך קינדיש צעשמייכלט און שטיל אַ זאָג געטאָן: קומט! און זיך ניט אָפּגעשטעלט אויף אַ רגע.

— וואָס איילט איר? האָב איך מיט אַ פאַרהאַקטן אָטעם גע־פרעגט.

— איר וועט זיך אַרומזען, אַז פון פאַמעלעכן שפּאַצירן ווערט מען גיכער מיד. ווייל אין מאַרודיען איז דאָ מערער שטיין — האָט ער לייכט אַ שמייכל געטאָן.

צוגעקומען צום ברעג פון בריק, האָט זיך יונה ראָזענפעלד אָפּ־געשטעלט:

— וואָס זאָגט איר, אונזער גרויסער משה האָט טאַקע געשפּאָלטן דעם ים? איר זענט עפּעס אַ מבין אויף די פאַרבן פון זון־אונטער־גאַנג? אין די בערג און ביים ים איז אַ זון־אונטערגאַנג אַ מורא'דיקער

גערַאנגל. איר האָט דאָס געפּיל, אַז איר שטייט ביי די שוועלן פון אַ נייעם וועלט־באַשאַף.

## 5. יונה ראָזענפעלד און י. י. זינגער

זיי האָבן זיך באַגעגנט אויף דער הילצערנער בריק ביים ים. פיר קלוגע אויגן האָבן געפאָרשט. זיי האָבן געשפּאַסט, געטריבן קאַטאָוועסלעך.

— יונה, האָסט שוין געהאַט „ברעקפעסט״? — האָט י. י. זינגער געלאַכט פון דעם אַמעריקאַנעם אידיש.

— איך פאַרפעל אינגאַנצן מיטן אָנבייסן. אַפריער שווים איך זיך גוט דורך. אין ים דאַוונען איז בעסער ווי אין בית־מדרש. די כוואַליעס טראָגן טליתים פון ריינעם תכלת. פונדעסטוועגן גיט מיך אַמאָל אַ צי צום בית־מדרש. כ׳וועל דיר דערציילן, וואָס עס האָט געטראָפן מיט מיר היינטיקן יום־כיפור. איך האָב זיך יום־טוב׳דיק אויסגעפּוצט און מיט אַ מחזור בין איך צוגעקומען צום שולכל. אָבער ביי דער סאַמע טיר איז געשטאַנען אַ פּאָליציי־מאַן. און דער כלב שעמט זיך ניט און קוקט יעדן אידן נאָך, וואָס וויל אַריינגיין אין מקום קדוש, צי ער האָט אַ בילעט.

— אַזאַ פאַראַנדעק איז אין דעם לאַנד, האָט י. י. זינגער אַ לאַך געטאָן.

— יע, דערצייל, יונה!

— הכלל כ׳האָב זיך געקליגט ווען דער פּאָליציי־מאַן האָט זיך פאַרקוקט. אין אַ מינוט אַרום בין איך שוין געווען אויסגעמישט מיט די דאַוונערס. נו, כ׳האָב שלעכט אָפּגעשניטן. דער כלב האָט מיך דערקאָנט צווישן אַלע אידן. האָב איך אים געבעטן מחילה, געוואָלט אַרויסגיין. אָבער לאָ מיט אַן א. ער האָט מיך אָנגענומען ברוטאַל אונטערן אָרעם און מיט פאַראַד אַרויסגעפירט. אַלץ איז דאָ אויף בילעטן, אָפילו דינען גאָט. זיי האָבן נאָך לאַנג געשפּאַסט. ווען זיי האָבן זיך געזעגנט, איז י. י. זינגער אַוועק פּאַמעלעך מיט

געמאָסטענע טריט, שטאָלץ אויפגעהויבן דעם קאָפּ. יונה ראָזענפעלד האָט צעפּראַכטעט די הענט און איז פאַרשוואונדן גיך אין דער שפּאַ־צירנדיקער מאָסע.

## 6. אין ים

צווישן טויזנטער שווימער האָט מען געקענט דערקענען יונה ראָזענפעלדן. זיין הוילער קאָפּ איז געווען אַרויסגעהויבן, און ביידע הענט ביז די אָרעמס, אויסגעבויגן ווי דוגעס. ער איז געשוואומען מיט אַ באַזונדערן יונה־ראָזענפעלדישן ריטם. ער האָט געמאַכט מילכלעך. דאָס וואַסער האָט אַרום אים געשוימט. ער איז געזעסן ווי אויף אַ בענקל, זיך גע׳טובל׳ט, צוריק אַרויפגעשוואומען אָפּגע־גאָסן מיט שווערע וואַסערן; אַ צעשיינטער, אַ דערפרישטער, האָט ער געלייגט קלאַפּטער מיט אימפּעט און גבורה. ווען ער האָט דער־פילט מידקייט, האָט ער זיך אויסגעצויגן אויף דער פּלייצע, לייכט די הענט באַוועגט. — ווי לאַנג קענט איר אַזוי שווימען אין די שטאַרקע וואַסערן? — האָב איך אים געפרעגט. — אַ גוטע שעה, האָט ער געשמייכלט. — וואָס, איר לויפט שוין פון ים? שעמען מעגט איר זיך. — איך בין אַ „סטאַריק״ קעגן אייך. — אַלץ איז אַ געוויינ־שאַפט, מען דאַרף טיף אָטעמען, אַלע גלידער לאָזן פריי.

יע, איך בין אַרויס פון ים. עס האָט מיך גוט געטרייסלט. איך האָב זיך אויסגעצויגן אויפן גליאיקן זאַמד מיט פאַרמאַכטע אויגן. די גוטסקייט פון דער וועלט האָט אויף מיר גענידערט, אין טיפער אינעווייניקסטער רו האָב איך גע׳חלום׳ט.

איך האָב זיך אויפגעשטעלט פון מיין זאַמדיקן געלעגער און געגומען קוקן איבערן בלויען ים; האָב איך דערזען דעם הוילן קאָפּ און די אויסגעבויגענע הענט ווי דוגעס; יונה ראָזענפעלד איז נאָך אַלץ געשוואומען.

חיים פעט

## 7. מיט יונגע שרייבער

לעבן ים אויף אַ באַנק איז יונה ראָזענפעלד געזעסן אַרומגע־רינגלט מיט יונגע שרייבער. ער האָט מיט קינדערשער פרייד זיך צו־געהערט, וואָס די יונגע קאָלעגן האָבן דערציילט. אויך ער האָט קורץ און שאַרף אַ שילדער געטאָן: — „סאַראַ וואוילע חיה — אַ פערד. ווי פיין ער גיט איך אַ נעם מיט זיינע לאַנגע ליפּן ביים אַרבל״. — אַ חבר האָט דערציילט, ווי אָרעם מען האָט געלעבט אין דער ליטע, האָט זיך יונה ראָזענפעלד צעשמייכלט און שטיל גענומען דערציילן:
— „אַ שטיקל צוקער פלעג איך פאַרזוכן איינמאָל אַ יאָר — פּסח! אין דער קאָסקע צוקער האָב איך דערזען די בלויקייט און בלישטשע־דיקייט פון פראָסט. בין געווען אַ מאַידעס, אַ ברעקל צוקער, פלעג איך האַלטן אונטערן צונג און געזופּט גרויסע זופּן אָפּגעקילטע טיי פון שעלכל״. — די יונגע קאָלעגן האָבן געפילט ווייטאָג און זיי האָבן געשמייכלט פון דער שילדערונג.
„די מאַמע פלעגט מיר אָנשמירן סיראָפּ אויף ברויט, האָב איך דערנאָך אין חדר די בלעטער פון חומש ניט געקענט איבערמישן. צום גליק האָב איך זיך גע׳חבר׳ט מיט דער שניט־קרעמערקעס זונדל, האָבן מיר זיך געשפּילט אין געבעניש... איך פלעג זיך איינבייסן אין זיין געבייטלט ברויט, וואָס איז געווען גראָב באַשמירט מיט פּוטער, צי באַלייגט מיט כאַלוואַ. און ער פלעגט זיך איינגראַזיען אין מיין שוואַרצער סקיבע אַלטגעבאַקן ברויט, באַשמירט מיט סיראָפּ. איך פלעג אָנקוועלן, ווען זיין גראָב פּיסקל האָט זיך איינגעשמירט״.
— די יונגע קאָלעגן האָבן שוין הויך געלאַכט.
דעמאָלט האָט זיך יונה ראָזענפעלד אויפגעהויבן און געפרעגט, וויפל ס׳איז דער זייגער? ער האָט זיך איידל געזעגנט. און די יונגע שרייבער האָבן נאָך לאַנג גערעדט וועגן דעם איידעלן צאַרטן מענטשן און גרויסן אידישן שריפטשטעלער יונה ראָזענפעלד.

## 8. אין זיין היים

איך האָב אָנגעקלונגען אין טיר פון יונה ראָזענפעלדס היים. שטילע טריט האָבן זיך דערנענטערט. אין דער אָפענער טיר האָט זיך באַוויזן יונה ראָזענפעלדס פרוי, אַ צאַרטע, אַן איידעלע. אַ באַשיידענע שטילקייט האָט געאָטעמט פון אירע בלויע שמייכלענדיקע אויגן. שעמעוודיקייט אין די באַקן. — קומט אַריין! קומט אַריין! אויך יונה ראָזענפעלד האָט זיך באַוויזן און מיך אַ פיר געטאָן פאַר דער האַנט. די עטלעכע צימערן זיינען געווען ליכטיק, לופטיק, געראַם און זויבער. די שרייב־מאַשינקע — אַן אָפענע, מיט אַן אָנגעוואָרפענעם מאַנוסקריפּט. עס האָט געמאַניעט אַ קוק צו טאָן אין די סודות׳דיקע שורות... אויף דער וואַנט איז געהאַנגען יונה ראָזענפעלדס בילד, געמאָלן פון מאַניעוויטשן. מען האָט געזען פון בילד, ווי איין קינסטלער האָט באַהערשט דעם צווייטן... עס האָט אַראָפּגעקוקט פון וואַנט: אַ לעבעדיקער, רעדנדיקער, שמייכלענדיקער יונה ראָזענפעלד.

שפּעטער זיינען מיר געזעסן ביי אַ קליין טישל אין קיך. יונה ראָזענפעלד האָט מיר געגאָסן אין קעלישאַק ווייַן פון אַ הויכער פלאַש. — און איר, ראָזענפעלד? — איך טרינק ניט. — איר רויכערט? — אַמאָל אַ פּערטל פּאַפּיראָסל אין אַ ציגאַרן־שפּיצל ווען איך שרייב. איך האָב ליב דאָס בלויע רויכל אַרום מיר.

— ווער זיינען אייערע באַליבטע שרייבער? — בין איך אַרויסגעשפּרונגען מיט אַ פראַגע און גלייך חרטה געהאַט. — גיט אַ קוק אין דער עטאַזשערקע, האָט ער שטיל געענטפערט: דיקענס, טשעכאָוו און דוד בערגעלסאָן. כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך לייען ניט קיין סך. דאָס לעבן איז אַ שפּאַנענדיק בוך, יעדער מענטש — ניט אויסצושעפּן.

דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב געזען יונה ראָזענפעלד. אַ בייזע קראַנקהייט איז שוין געזעסן אין דעם טיפן, צאַרטן מענטש. — זי האָט אים פאַרצערט.

## חיים פעט

און איינמאָל איז מיר די אידישע צייטונג אַרויסגעפאַלן פון די הענט. איך האָב די צייטונג אויפגעהויבן און געזען יונה ראָזענפעלדס ליכטיקן נאָמען אין אַ שוואַרצער ראַם.

# געשטאלטן

## אין דער ערשטער וועלט מלחמה

## דער נס מיט דער ליולקע

אין רב וועלוולס חדר, אָנגעפּילט מיט ספרים, האָט זיך אַריינגעשטעלט צוויי דייטשע אָפיצירן. זיי האָבן העפלעך געגריסט דעם רב, וואָס האָט אויסגעקוקט תמימות׳דיק פאַרלאָרן אין דער ברייטער ליפּאַגענער קאַפּאָטע. די צוויי הויכע געזונטע דייטשן האָבן אים אינגאַנצן פאַרשטעלט.

— מיר ווילן אַ ברכה פון דיין הייליק מויל — האָט איינער פון די דייטשן שטיל געזאָגט. און דער קלוגער, אַלטער רב האָט דערזען שטרענגקייט אין זייערע אויגן. פּיקוח נפש — האָט דער רב גיך אַ טראַכט געטאָן. ער האָט אַרויפגעלייגט זיינע דאַרע, דורכזיכטיקע הענט אויף זייערע שווערע האַריקע הענט און ער האָט זיי געבענטשט אויפן קול. זיי האָבן אים געקוקט אין די אויגן. און נאָך דער לויטערקייט, וואָס האָט אַרויסגעשיינט, האָבן די דייטשע אָפיצירן אָפּגעלערנט, אַז ער האָט זיי ניט גענאַרט. באַלד האָט איין דייטש אַרויסגענומען פון אַ שיינעם לעדערנעם טייסטער צוויי אַסיגנאַציעס צו טויזנט מאַרק און זיי אַוועקגעלייגט אויפן טיש. און זיי האָבן זיך איינגעהאַלטן געוואונדערט, וואָס דער רב האָט אַפילו ניט געפינטלט מיטן אַן אויג. ר׳ וועלוועלע האָט זיך געטראַכט, אַז מלוכה־מענטשן טאָר מען ניט אָפּזאָגן. ער איז געבליבן שטיין לייכט פאַרלאָרן און פאַרטראַכט.

און ווען ער האָט געזען ביי דער זייט פון פענצטער, ווי די צוויי הויכע דייטשן זיינען שוין געווען ווייט פון זיין קליינער שטוב.

איז ער צוגעגאַנגען, אַרויסגענומען די ליולקע מיטן לאַנגן ציבעק, וואָס ער האָט געקראָגן אַ מתנה אין אין ארץ־ישראל, ווען ער האָט באַזוכט דאָס הייליקע לאַנד אין זיינע יונגע יאָרן, אַריינגעשטאָפּט די צוויי דייטשע באַנקנאָטן און באַלד איז אַרויס אַ פייער און אַ רויך.

אַ ווײַלע אַרום האָט אַ מחנה קראַקנדיקע באַוואָפנטע דייטשן אַרומגערינגלט די קליינע שטוב פון ר׳ וועלוועלען. דער עלטסטער האָט געמאָלדן, אַז ער זוכט דאָ דייטשע פאַלשע געלט. זיי האָבן געטרייסלט די קעשענע פון וועלוועלס ליפּאַגענע קאַפּאָטע, זיי האָבן ווילד געמישט די ספרים מיט די הענט.

און די ליולקע איז געשטאַנען אין ווינקל און גאָרניט דער־ציילט...

# אָפּגעהיט די ספרים

מען האָט אים גערופן לייזער דער שטערן־זעער, ווייל איין אויג זיינס האָט שטענדיק געקוקט אַרויף. ער איז געווען שמאָל, דאַר, מיט קינדערשע שטריכן אויפן פּנים. אין גאַס האָט ער אויפגעהויבן שטריקלעך, טשוועקלעך, שטיקלעך פאַרצעליי. ער איז גרייט גע־ווען פאָלגן אַ גאַנג ווי אַ אינגל. וואו מען האָט זיך פאַרזאַמלט, איז ער אויסגעוואַקסן. ניט אַריינגעמישט מיט אַ וואָרט. אַלע רכילות׳ן אַראָפּגעשלונגען, פאַרברענט. אַ שמייכעלע פלעגט זיך באַווייזן אויף זיין קינדיש פּנים, אַ ליכטיקער און קלוגער.

אַז מען איז אַריין צו אים אין דער קליינער ביבליאָטעק, איז ער געוואָרן אַ שטאָלטנער, אויסגעוואַקסענער, באַיאָרנטער מענטש.

אינם צימער, ביים גרויסן הילצערנעם טיש, האָבן זיינע לעזער געמוזט זיצן שטיל, קיין פאַרע ניט אַרויסברענגען.

אַ בוך צי אַ ספר האָט קיינער ניט געוואַגט אַרויסנעמען פון די פּאָליצעס.

לייזער האָט אָפּגעשטויבט דעם ספר, איבערגעבלעטערט, אויס־געגלעט די ברעגן, די קנייטשן, האָט ער מיט שטילע טריט עס צוגעטראָגן צום לייענער.

ווער רעדט ווען לייזער איז געקומען פון שטאָט מיט עטלעכע נייע ביכער און ספרים — האָט מען געקענט זען אויף זיין פּנים די גליקזעליקייט און פרייד. ער האָט געזונגען אויף אַ דינענקער שטים זייער שיינע מאָדנע ניגונים, אַליין אויסגעטראַכטע.

איידער ער פלעגט אָפּשליסן דעם חדר מיט די ספרים, איז ער געגאַנגען אויף לאַנגע שפּאַצירן אין פעלד. אַ געריייניקטער, אַן אָנגעליכטיקטער, האָט ער אַ שמייכלענדיקער באַגעגנט די פאַר־ליבטע לייענער...

ער איז אומעטיק געוואָרן, ווען אַ בוך האָט זיך אַרויסגענומען פון די טאָוולען.

ער האָט פאַרמישט מעל מיט וואַסער, איינגעקלייעט דאָס בוך, אַרויפגעטאָן אַ שווערע פּרעס. און לאַנג, לאַנג האָט מען דאָס בוך ניט געקראָגן צום לייענען. ווייל לייזער האָט שוין געקוקט און אַכטונג געגעבן אויפן בוך, ווי אויף אַ קראַנק קינד...

# אַ קרעמער אַ פּאָעט

אַ יאָר נאָך משה'ס חתונה איז די ווייב אים געשטאָרבן (ניט פאַר קיין אידן געדאַכט). איבערגעלאָזן אויף זיינע הענט אַ פּיצל קינד. ער האָט דאָס געפּויעט, געקאָרמעט, געהאָדעוועט און אין קראָם געענטפערט קונדן. געלייזט געלט, געגעבן רעשטע און געזונגען זיין לידל: „געלט איז קיילעכדיק, היינט — ביי מיר, מאָרגן — ביי דיר". אין קראָם ביי אים האָט מען געקאָנט קריגן פון אַ נאָדל ביז אַ קופערט, פון אַ קנעפל ביז אַ באַנדורע. איז דער חפץ ניט געווען אין קראָם, האָט ער עס אַרויפגעטראָגן פון סקליעפּ. ווען־עס פּוס איז דאָרט אַמאָל געווען? — מען איז געקומען נאָך אַ נדבה,

האָט משה אַריינגעטאָן טיף די האַנט אין קעשענע און געגעבן, ניט געציילט. — — —

אויף די בוימער נעבן זיין שטוב האָבן זיך געמערט פויגעלעך. משה האָט פאַר זיי געשאָטן קערנער, אויך שטיקער צעווייקטע חלה. דאָס פלאַטערן מיט די פליגעלעך און די פישצעריי האָט משה׳ן אַריינגעפירט אין אַ העכערער פרייד... יום טוב. אָדער שבת, האָט ער פאַמעלעך שפּאַצירט מיט די הענט אין די אַרבל, פאַרקלערט געקוקט אויף די קאַטשקעלעך, וואָס קערן זיך מיט די פיסלעך אַרויף. אויך האָט ער געקוקט דורכן צאַם אין גלח׳ס סאַד, וואו צווי פּאַוועס האָבן שטאָלץ אַרומגעשפּאַצירט. ווען זיי האָבן צעלאָזן די עקן אין ברייטן פיל־פאַרביקן ראַד, האָט ער געהאַלטן אַביסל די צונג אַרויס־געשטעקט. און ווען דער אָרגל האָט געשפּילט אַנטקעגן אין קלויס־טער, האָט ער געווישט די אויגן מיט אַ נאָז־טיכל. ער איז געגאַנגען צוריק אַהיים דורך די סטעזשקעס פון פעלד, געקוקט מיט ליבשאַפט אויף די געלע בלויע בלימעלעך און זיי געזשאַלעוועט, וואָס דער ווינטער וועט אויף זיי קומען...

# מיליטער

עס קערט די ערד פון דייטשן מיליטער.

עס מאַרשירן פוס־גייער אין גרינע געוואַנטענע מונדירן. זיי הויבן גלייך די פיס ווי איינער. פון זייערע שטיוול שפּריצן פונקען. עס רייטן זעלנער אויף יונגע ווילדע פערד, די פיקעס גלאַנצן, די פאָנען קאַרטשען זיך ווי שלענג. עס שפּילן אָרקעסטערס הייסע, וועקנדיקע מאַרשן. די פערד שפּיצן אָן די אויערן. זיי גייען אין טאַקט און פייערן מיט די אויגן.

מען פירט שווערע האַרמאַטן, מיט דרייסיק פאָר פערד פאַר איין האַרמאַט. דאָס איז גאָר אַנדערע פערד: — גרויסע, שווער־פיסיקע, מיט ברייטע צעשפּאָלטענע רוקנס, שווערע, ברייטע שלייעס,

אַרום זייערע בייכער. מען פירט גרינגע פעלד־האַרמאַטן, פּולעמיאָטן, פּאַנטאָנע בריקן. עס גייט דער „אַבאָז" — פורן מיט רויכערדיקע גרויסע קעסלען. איבערגעצויגענע בוידן מיט פּראָוויאַנט. הינטערן „אַבאָז" טרייבן זעלנער בהמות — אויסגעמאָגערטע, עס האַלטן זיך קוים די פעלן אויף זיי. זיי מוקען פאַר הונגער און דאָרשט. זיי ווערן געיאָגט פון סווישטשענדיקע בייטשן. די בהמות שטויסן זיך מיט די הערנער. און זייערע צעשפּאָלטענע פיס הויבן וואָלקנס שטויב.

און עס דוכט זיך, אַז די ערד וויגט זיך און שרייט מיט פון זייער רעוועןֹ...

# דער סיגנאַל

העל און טרויעריק שאַלט דער טרומייט.

די סאָלדאַטן אין באָד שפּרינגען פון די הויכע פּאָליצעס.

אויפן וועג טראַסקען וועגענער. אַ המון געשריי און אַ געטופּעריי פון פערד. דער וועג איז שוואַרץ פון געדרענג. סאָלדאַטן אין פולער באַלאָדנקייט פלייצן ווי אַ ברייטער טייך. פורן און מענטשן זיינען אָנגעהורבעט: ווי עס וואָלטן זיך גערירט די פונדאַמענטן פון דער ערד. די בערג זיינען פול מיט מענטשן און די טאָלן. און עס דוכט זיך אַז זיי רירן זיך צוזאַמען מיט די מענטשן אין דער נאַכטיקער מהומה. סאָלדאַטן שפּאַרן פון אַלע הייזער, לויפנדיק פאַרפּעסטיקן זיי זייערע ראַנצעס און דער נאַכטיקער שוואַרצער מאַרש גייט אַהין אויפן ברייטן וועג... די פערד הירזשען. עס רוישט די לופט. אַ וואַלד שרייט אין ווינט ביינאַכט. — און דער טרומייט רופט און שאַלט העל און טרויעריק זיין מלחמה סיגנאַל...

## פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן

אויפן מאַרק־פּלאַץ, פאַרגאָסן פון דער זומערדיקער זון, זיינען געזעסן און געלעגן פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן. זיי זיינען געזעסן אָנגע־שפּאַרטע צו די ווענט פון די הייזער. די שווערע פאַרוואונדעטע זיינען געלעגן צעוואָלגערטע אויף ברעזענטן. — דורכגעווייקטע באַנדאַזשן, פאַרצערטע פּנימ׳ער, ברענעדיקע קראַנקע אויגן. עס האָבן זיי באַ־דינט דאָקטוירים, שוועסטער אין רויטע קרייצן. — די גאָר שווערע פאַרוואונדעטע האָט מען געלייגט אויף בעטלעך נאַקעטע קעגן זון. זייערע פּנימ׳ער אויסגעבאָדן אין ליידן, אין פּיין.

פון איין סאָלדאַט האָט מען קיין פּנים ניט געזען, פאַרוויקלט אין מערלי. ער איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן פּלייצע, ניט גערירט מיט קיין גליד. נאָר זיין אָנטבלויזטע האַרץ האָט זיך געהויבן אַרויף און אַראָפּ. די אָפּגעדעקטע האַרץ האָט דערפילט די זון. — זי זעט מיט טויזנט אויגן דעם הויך געוועלבטן הימל, דעם דרויסן...

## אַ זייגערל פאַרן חתן

זיידל זיצט געבויגן ביים פענצטער. אויף זיינע שפּאַקולן אַרויפגעזעצט אַן עקסטרע גלעזל. ער פאָרשט אין דראָבנע מעכאַ־ניזמען. פאָרקעט מיט אַ דין שטעכערל. די דינע איידעלע געצייגן אין זיידלס הענט קוים וואָס זיי באַוועגן זיך.

פיל זייגערס הענגען אויף די ווענט, מיט וואָג אויף מעשענע קייטלען מיט שאָקלענדיקע פּאמפּעדיקלעך. דער זיידל איז אַ חוזק־טרייבער. זעסט, זאָגט ער צו זיסלען די כלה־מיידל: דו ווילסט קויפן פאַר דיין חתן אַ זייגערל, אַ שיינע מתנה... איך האָב צו די זייגערס אַ שפּרוך. אָבער אַזוי גיך ווי מען באַצאָלט מיר, גייט אויס די נשמה...

ער האָט אַרויסגענומען פון אַ סאַמעטענעם זעקעלע אַ קעשענע זייגערל, וואָס האָט זיך געעפנט מיט צוויי טאָפּל טירלעך. געגעבן צו די טירלעך אַ קליין שליסעלע. אויך אויסגעטייטשט ווי זיך צו באַגיין מיטן אַנטיקל:

אַ זייגער ווי אַ האַרץ פון אַ מענטשן. ציסט איבער, פּלאַצט דאָס, נישט אַראָפּוואַרפן, מען שעדיקט אַ רעדעלע, אַ סטרונע, אַ ספּראַנזשינקע, נישט פאַרנעצן, עס פאַרקילט זיך.

דינג זיך ניט, טאַכטער שיינע, קיין זיידענע טאָרבע וועל איך זיך ניט אויפנייען...

אויפן גאַס האָט זיסל באַטראַכט דעם זייגערל, אַ קליינעם. זי באַהאַלט דאָס אין הויפן און דאָס קלאַפּט ווי דאָס הערצל פון אַ פייגעלע. און זי האָט שוין געזען איר חתנ׳ס גוטן פּנים אין פרייד און אין שמייכל.

# דער גוטער מענטש

אינם פּאַרקל איז געשטאַנען אַ מאַן מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. און פון אַ פּאַפּירן זעקעלע געשפּרייט קרוישלעך חלה. — און די טויבן האָבן דערקאַנט זייער פריינט פאַרזאָרגער... זיי האָבן גע־נידערט פון די קאַרניזן און דעכער. די בראַווע און מוטיקע האָבן זיך אויסגעשטעלט אויף זיינע אַקסל, קאָפּ און הענט. דער גוטער מענטש איז געוואָרן אינגאַנצן באַפליגלט. — דער גוטער מענטש האָט געקראָגן פליגלען...

# האָט מיטלייד מענטשן

אין יונגן פאַרטאָג אויף אַ שטילער אויסגעפּלאַסטערטער גאַס האָט זיך געשפּילט אַ קליין שוואַרץ הינטל מיט אַ גרויסן ווייסן הונט. זיי האָבן זיך געדרייט אין קרייזן געשפּרונגען איינער איבער דעם אַנדערן. פאַרגעניגנדיקע בילן אַרויסגעגעבן. אין ערגעץ פון ווייט האָט זיך אַ מאַשין געטראָגן ווילד ווי אַ שטורעם-ווינט. און פון פלוצימדיקייט, שרעק און צעטומלעניש איז דאָס קליין שוואַרץ הינטל אונטערן מאַשין געבליבן. — און דער גרויסער ווייסער הונט האָט זיך אַוועקגעלייגט אין אַ בייגל און מיט אַ פאַרוויינטן פּנים געקוקט אויף די מענטשן וואָס זיינען געגאַנגען אויף ביידע זייטן פון דער גאַס...

# דער ווירטואָז און די פידל

ביים שוועל האָט זיך פאַרספּאָטיקעט דער דינער, גלייכער מאַן מיטן גרויען צעשויבערטן קאָפּ. אָבער גאָט האָט אים אונטערגע־לייגט אַ פּערענע... — זיך אויפגעהויבן, אויך די פידל אין שייד; איז ער עלעגאַנט, אַריין אין קאָנצערט-זאַל.

ער האָט געהערט דאָס געזשום פון די מענטשן אין זאַל. פּאַמע־לעך אַרויסגענומען דאָס פידל, באַטראַכט — קיין קריץ. די שליסלען ביים דינעם האַלדז — שטייף. די סטרונעס — אָנגעצויגן, אויך אַריינגעקוקט דורך די האַרץ-אויסשניטן. ער האָט לייכט געקלאַפּט מיט אויפגעלייגטע פינגער אויף דער פלייצע פונם פידל. געוואַגט אַ קלאַנג אַרויסרופן. פאַר פרייד האָט ער צוגעלייגט זיין פּנים צום פידל. ביים דריטן שטילן קלאַנג האָט זיך באַוויזן דער ווירטואָז!...

בראַוואָ! הוראַ! און ער מיטן פידל, אַראָפּגעלאָזן ביי די קני איז געשטאַנען ווי צוגעשמידט פאַר ערפורכט. מיטאַמאָל איז שוין

זיין פּנים געווען איינגעוואַקסן אין דעם ברוינעם אַלטן פידל, וואָס אַן אַלטער איטאַליענער, האָט אויסגעשניצט און אויסגעוואַרעמט. און דורך טענער און גרויס געזאַנג האָט איצט דאָס פידעלע דער־ציילט. די לעבנס־געשיכטע פון „סטראַדיוואַריוס" — און דער עולם אין זאַל איז געווען איין אָטעם, איין מעכטיק האַרץ...

# דער רעטער און דער רויבער

יעקב, אַן אַנגעבראַנזטער פון זון און ווינט — איז געזעסן אין שפּיציקן שיפל, די וויאָסלעס אין זיינע ברייטע הענט איינגע־טונקען אין בלויע וואַסערן. זיינע בלויע גוטמוטיקע אויגן האָט ער אַרומגעפירט, נאָכגעקוקט דער מעווע, וואָס האָט זיך געהויבן און גענידערט איבערן ים...

יעקב האָט אַ צי געטאָן די וויאָסלעס, זיך אַ טראָג געטאָן ווי אין דער לופטן. ער האָט זיך געהויבן, גענידערט מיט זיין מולטער־שיפל און נאָכגעקוקט אַ ווייט פאַרשוואומען פּאַרל.

ער האָט זיך געיאָגט איבערן וואַסער־פעלד. און די מעווע איבער אים — אין געבויגענע־רינגען. יעקב׳ס ברייטע הענט זיינען געווען צוזאַמענגעוואַקסן מיט די וויאָסלעס. זיין שיפל ווי אַ וואַסער־פערד, און ער — ווי אַ ווילדער רייטער.

און די מעווע, וואָס האָט זיך געטראָגן נידעריק צום ים, האָט געטונקט אירע שטאַרקע פיס אין שוימען, זיך געהוידעט אויף די כוואַליעס, געקוקט אויף יעקב׳ן ווילד. זי האָט קרום געשניטן די לופט מיט ווילדן פישטשען. איר שנאָבל צעעפנט. אירע אויגן זיינען גרעסער געוואָרן. — זיי האָבן געקוקט דורך די כוואַליעס ווי צע־גליטע שפּאַקטיוו־גלעזער. דער צאָרן און דער הונגער האָט גע־ברענט אין אירע אויגן... מיט אַ מאָל האָט זי זיך אַ טונק געטאָן: עס האָבן זיך געזען פעדערן ווי פון אַ צענומענעם פעכער...

באַלד האָט זיך די מעווע באַוויזן אויף די כוואַליעס, אין איר ברייט צעעפנטן מויל — אַ פיש.

און יעקב האָט זיך געיאָגט אויפן וואַסער־פעלד אויפצוקלייבן די פאַרמאַטערטע צעזייטע שווימער...

## דער טורעם

דער טורעם שטייט אַריבערגעשפּיצט מיט זיין שטאָלענעם סקעלעט איבער אַ וואַלד מיט מויערן. עס אַרבעטן שניצערס, טאָקערס. אין דרויסן וועגן די מוליאַרעס אין זייערע וואַרעמע הענט די ציגל. מיט קישקעס, וואָס שפּריצן מיט פייער, אַרבעטן די שמעלצער. —

די אַלע מייסטערס וועלן ווי איין גרויסער כאָר אויסזינגען די סימפאָניע פון דעם טורעם...

## אידישע גיבורים

אויפן צעגליטן זאַמד זיינען זיי געזעסן אין קרייז — די אידישע גיבורים.

יונגע מענער מיט פּלייצעס ווי מיל־שטיינער, האָבן געוואָרפן זייערע קינדער ווי פּילקעס. עלטערע מענער מיט דראָטענע בערד, זיי האָבן דערמאָנט פאַרצייטיקע מענטשן אין וואַלד...

יונגע ווייבער טראָגעדיקע, עלטערע ברייטע אידענעס...

זאַטע זיינען זיי געלעגן אויסגעצויגן אויף די פּלייצעס, אויף די בייכער. און דער ים האָט געברומט...

# אויפן דאַך

פאַרן מיר צו וואַלדמאַנ׳ען! — האָט זיך אָפּגערופן לייבקע.

— ער איז שטאַרק קראַנק, האָט מיט באַדויערונג, — גע־ענטפערט מענקע. מען דאַרף קיין איבעריקע זאַכן ניט רעדן מיט וואַלדמאַנ׳ען, ער זאָל זיך ניט דערצאָרענען...

דער שאָפּ, די רעסטאָראַנען, האָבן וואַלדמאַנ׳ען דעם ריז צע־בראָכן, — האָט זיך אָפּגערופן לייבקע.

וואַלדמאַנ׳ען, האָבן זיי געטראָפן זיצנדיק אויפן דאַך אין אַ לייוונטענעם שטול. זיין פּנים: דורכגענומען פון יסורים, פאַרשאַרפט און פינסטער. דורך זיינע הויזן, האָבן די קנאָכן פון זיינע קני געשטאַרצט ווי טעמפּע האַק־מעסערס...

די חברים האָבן באַגריפן די געפאַר, וואָס לויערט אַרום דעם יונגן וואַלדמאַנ׳ען... זיי זיינען געבליבן שטיין פון וויטן, שווייגנ־דיקע, פאַרטרויערטע...

פון איין זייט דאַך, האָט פולסירט די גרויסע שטאָט. קוימענס האָבן געראויכערט, באַנען האָבן דורכגעצויגן, און מענטשן ווי מאָן איבער די גאַסן...

פון צווייטן זייט דאַך: אַ פּאַרק! אויפגעוואַכטער פרילינג איבער די ביימער. יונגע ווינטלעך האָבן געקערט די בלעטלעך — — —

# דער אַרעסטאַנט און די טויב

דער רויטער קאַזאַמעט שטייט אין אַ קאָכיקער גאַס. די פענצ־טער פון רויטן מויער זיינען איבערגעפּאַסעוועט מיט גראַטעס, איבערגעצאמט מיט הונדערטער קעמערלעך. אין אַ באַזונדער חדר׳ל זיצט פאַרשפּאַרט אַ יונגער שפּאַנישער בחור. ער קוקט בלודנע

אַראָפּ צו די פרייע מענטשן אין גאַס... ער רוקט אַרויס דעם קאָפּ פון דער אָפענער שייבל. זיין פּנים איז פאַרשוואָלן און געל. פון זיין פּנים קוקן אַרויס אַ פּאָר אויגן: — צוויי שוואַרצע פייערן... זיי ברענען דורך די פרייע מענטשן פון גאַס...

אָבער זיינע אויגן גיסן זיך אָן מיט ליבשאַפט ווען ער דער־זעט די מחנה טויבן. ער רעדט צו זיי, פייפט, שעפּטשעט... און די קלוגע באַשעפענישן וואָרקען, טראָגן זיך נאָענט לעבן אים אין האַלבע קרייזן... ער שטרעקט אַרויס זיין לינקע האַנט פון דער אָפענער שייבל. אויף זיין אויסגעשפּרייטער האַנט, אויסגעזייט ברעקלעך ברויט.

איינע אַ ווייסע טויב טיילט זיך אָפּ פון דער מחנה. זי נידערט אויף זיין האַנט, פינטלט גיך מיט די אויגן. די פינגער פון אירע רויטע פיסלעך זיינען איינגעבויגן, איינגעקלאַמערט. זי פלאַטערט אויף זיין אויסגעשפּרייטע האַנט. —

און דער אַרעסטאַנט מיט זיין צווייטער האַנט, גלעט איר וואַרעמע קעפּל. — — —

# מיט „לאַגאַרדיה״ קיין ישראל

שוין דער פינפטער טאָג, ווי אונזער שיף שנײַדט די כוואַליעס פון אַטלאַנטישן אָקעאַן. אין אַ פּאָר טעג אַרום וועלן מיר דערגרייכן דעם „גיבראַלטאַר״! — די אידישע פּאַסאַזשירן רעדן צווישן זיך: הינטער דעם גיבראַלטאַר ליגט אויסגעשפּרייט שפּאַניע, וואָס האָט אונז געברענט אויף שייטער־הויפנס, אונז פאַרטריבן פון איר ערד, איצט איז קליין איר ראָל אין דער געשיכטע פון פעלקער. זי קרעכצט אונטערן פאַשיזם.

אין פינף שעה אַרום וועלן מיר דערגרייכן די „אַזאָרן אינזלען״. אַ סך פּאַסאַזשירן האָבן אָנגעגרייט לאָרנעטעס און פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן. מ׳וויל עפּעס אויפכאַפּן פון די מערקווירדיקע אינזלען. די יוגנט פירט שפּיל־אינסטרומענטן. ווי נאָר דער ים ווערט איינגע־דעקט מיט נאַכט, זאַמלט זיך די יוגנט אויפן דעק. די בענקשאַפט ווערט טיפער. דאָס קען מען אַרויסלייענען פון זייערע פייכטע, וואַרעמע אויגן. זיי זיצן גוטוליעט, שפּילן און זינגען. און די עלטערע שטייען נאָענט אין קרייז. מען הערט דער שיפס געזונטן גאַנג, דאָס רוישן פון ים, וואָס גיסט זיך צוזאַמען מיטן געזאַנג און ציטערדיקע טענער פון די שפּיל־כלים.

עפּעס ווי אומדערוואַרטעט איז דאָ אָנגעקומען אויף דער שיף דער יום־טוב ראש השנה. מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט אין ערשטן קלאַס.

דורך די קיילעכדיקע אָפענע פענצטער זעט זיך דער ים, קוים, קוים וואָס ער קנייטשט זיינע מעכטיקע וואַסערן. שפּיזעקע ליכטער דרינגען אַריין אין דער וועלט פון וואַסער. און אין אַ ווינקל פון הימל האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ רעגנבויגן מיט זיינע הימלישע פאַרבן. אַזוי האָט זיך דאָ אָנגעפאַנגען דער ראש השנה. די מאַנסבילן אין יאַרמעלקעס, פרויען אין פאַטשיילעס. די שיף באַאַמטע טיילן מחזורים. די פרויען האָבן געבענטשט ליכט און איבערן ברייטן ים האָבן זיך פאַנאַנדערגעטראָגן די טענער פון ראש השנה׳דיקן מערב.

די זון איז געלעגן האַלב דערטרונקען אין ים, האַלב אויפגע־האַנגען אויפן הימל. ס׳איז געווען אַ מורא׳דיקער געראַנגל צווישן הימל און ים. און אַנטקעגן האָט זיך געצייכנט איינע פון דער גרופּע אַזאָרן אינזלען, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי אַן אומבאַוועגלעכע, פאַרגליווערטע כמאַרע וואָס שניידט איבער דעם ים. דער „וואָלקן״ האָט זיך געענדערט. מאַסיווע שטיינער קאָנטורן האָבן זיך געצייכנט באַרגיק. פעסט האָט זיך די ליבע מאַמע ערד אַרויסגעהויבן אינמיטן ים. נאָך פינף טעג ים און הימל, ווינט און וואָלקנס, האָבן מיר דער־זען לאַנד. ווען די שיף אונזערע איז פאַרבייגעפאָרן דעם אינזל — האָט מען געקענט מערקן די ווייסע הייזער, וואָס האָבן געהויערט אין אַ ריי.

די אַזאָרן אינזלען זיינען אונטער דער השגחה פונם פּאָרטו־געזישן פאָלק. ווען מען קוקט אויף דער גרופּע אינזלען דערמאָנט מען זיך:

מיט פיר הונדערט יאָר צוריק האָט זיך „קאָלומבוס״ מיט דריי שיפן אַרויסגעלאָזן פון שפּאַניע און אַוועק אויפן אומבאַוואוסטן ים־וועג. אַ לאַנגע צייט נאָכן אַנטדעקן די אינזלען האָבן ענגלישע סוחרים דאָ אָפּגעלייגט טאָנען קוילן. די שיפן פלעגן זיך אָפּשטעלן אָננעמען קוילן אויף זייער ווייטערדיקער רייזע. איצט ווען די שיפן ווערן געטריבן מיט אויל — ליגן די אַזאָרן־אינזלען ווי פאַרלאָזן... זעלטן ווען אַ פּאַסאַזשיר־שיף שטעלט זיך אָפּ דאָרט...

אַ שיף האָט זיך באַוויזן אַנטקעגן. זי איז געשוואומען ווי אויס־געשאַרפט פון ווינטן, אַ געוואַשענע פון ים־בלויקייטן. איינציקע פייגל האָבן זיך באַוויזן. אַ סימן פון נאָענטע אינזלען... דער עולם איז אינטימער, פריינטלעכער געוואָרן. די בחורים און מיידלעך זיינען צווישן זיך נענטער געוואָרן. עס פלאַקערן שוין עטלעכע ליבעס. די יונגע פּאָרלעך שפּאַצירן אויפן דעק געאָרעמט. אַ חוץ ליבע פלאַטערט אין זייערע הערצער נאָך איין געפיל — ישראל. זייערע אויגן זיינען צעשיינט, צעוואָרעמט. זיי גייען געוואַקלט פון דער שיפס וויגן זיך און פון אייגענע געפילן... אַ יונג פּאָרל זיצט אויף אַ לאַנגן אויסגעבעטן שטול וואָס קוקט אויס ווי אַ בעט; זיי זיצן צוגע־

טוליעטע. דער בחור גלעט דעם מיידלס באַקן און זי פּלאָנטערט אירע פינגער אין זיינע געקרייזלטע און געדיכטע האָר. ער האָט זיך צוגעבויגן צו איר און שטיל האָט אָפּגעקלונגען אַ קוש. זי האָט זיך אַ טוליע געטאָן צו אים און איר פּנים האָט זיך אָנגעצונדן מיט חן און וואַרעמקייט. אין זאַל האָבן זיך צוזאַמענגענומען אַ גרופּע עלטערע גריכן. זיי האָבן געטאַנצט זייערע פאָלקס־טענץ אין וועלכע עס שפּיגלט זיך אָפּ פּרימיטיווקייט פון אַן אַלט פאָלק.

מענער אַליין האָבן געטאַנצט מיט נאָז־טיכלעך אין די הענט. די פּנים׳ער ווי פון זייערע פּילאָזאָפן מיט געשלאָסענע אויגן. אין זייער ברעכן און בויגן די קערפּערס האָט מען געזען די אַלט־גריכישע פיזקולטור — די גימנאַסטישע איבונגען מיט דורות צוריק.

ווי פון נעפּל אַרויס, האָט זיך באַוויזן לאַנד. עס ליגן נאָענט פיל לענדער: אַלזשיר, טוניס, און טיף אין לאַנד שפּרייט זיך דער סאַהאַראַ־מדבר. מצרים און עטיאָפּיע ליגן אין הינטערלאַנד; פון דער צווייטער זייט שפּאַניע — פּאָרטוגאַל, פראַנקרייך און איטאַליע. אונזער שיף האָט זיך געשניטן אין שמאָלן ים־פּאַס. עס האָבן אונז נאָכגעפאָלגט מחנות דעלפינען. זיי האָבן אַרויסגעהויבן זייערע פעטע רוקנס איבערן וואַסער און געגלאַנצט אין דער זון. פייגל האָבן גע־קרייזט, מענטשן האָבן געררודערט אויף קליינע שיפלעך. פאַר אונזערע אויגן וואַקסט אויס די גיבראַלטאַר־פעסטונג. זי שטייט ברייטמעכ־טיק, אַ הערשערין איבער דעם אַטלאַנטיק און מיטללענדישן ים. זי היט די וואַסער־וועגן פון גרויס בריטאַניע. אַמאָל, אַמאָל, האָבן זיך דאָ אָפּגעשפּילט גרויזאַמע ים־סצענעס: שיפן אָנגעצויגענע מיט שווערע אָנגעבלאָזענע לייוונטן, האָט דער ווינט פאַרטראָגן און זיי צעקלאַפּט לעבן דעם גיבראַלטאַר־מזבח. די לעגענדע רופט דעם גיבראַלטאַר — דער קבר פון די מאַטראָסן. אויף די שמאָלע וואַסער־פעלדער האָבן באַנדעס פּיראַטן געפּלינדערט, געראַבט פאַרביי־פאָרנדיקע שיפן. זיי פלעגן נעסטן אין די שפּאַלטן פון די בערג בייביידע זייטן. איצט שטייט דער גיבראַלטאַר אָנגעבויט מיט הויכע הייזער, פּלי־פעלדער, עלעקטרישע סטאַנציעס. עס אַנקערן שיפן. פאָנען פון פיל לענדער פלאַטערן...

אונזער שיף געפּוצט, געוואַשן דערנענטערט זיך צו די ברעגן פון ישראל. קוים קוים האָט דער הימל געגומען העלן. דער ניי־געבאָרענער טאָג האָט אַראָפּגענידערט אויף די באַרגיקע ברעגן פון ישראל. — אַלע אידישע פּאַסאַזשירן אין יום־טוב׳דיקע קליידער זיינען געשטאַנען שטילע אין זיך איינגעשלאָסענע, ווי אין טיפער תפילה... זיי זיינען געשטאַנען אין אַ לאַנגער קייט ביי די באַריע־רעס. אויפן האָריזאָנט האָבן זיך געצייכנט 2 ישראל שטעט: עכו, די אַלטע ניט באַצוואונגענע שטאָט פון יהושע בן נון... און חיפה — די נייע דורך אידישע גבורים אויסגעקעמפטע שטאָט...

און ווען די זון איז אויפגעגאַנגען און אָנגעצונדן די בלויע בערג און די אידישע ישובים אויפן כרמל שפּוע — האָבן מיר אַלע ווי פון איין מויל אויפגעזונגען די „התקוה״.

## דער טוריסט

איבער צוויי ימים איז ער געשוואומען. זיין קאָפּ אין מחשבות. זיין האַרץ אין בענקשאַפט. אין די נעכט איז ער געשטאַנען ביי די פּאַרענטשן פון שיף, אַ געוויגטער אויף בייזע כוואַליעס. געטראַכט פון זיין אַלטער היים, צעשטערטע פון וואַנדאַלן. געטראַכט פון זיין קינדהייט אין ליטע מיט די כמורנע וועלדער. געטראַכט פון זיין יוגנט אין דער נייער אַמעריקע, אַן אויסגעוואָרצלטער, אַ פרעמדער, אַ פאַרוואָרפענער...

און איצט אין די מיטעלע יאָרן מיט אַ געגרויטן קאָפּ, מיט טשעמאָדאַנען, וואו עס ליגן בריוו פון פריינט, געליבטע, פאָטאָ־גראַפיעס פון משפחה. מערערע אויפן עולם האמת. אַנדערע צעוואַנ־דערטע אין דער גרויסער וועלט. און ער — נישט קיין צוגעבונדענער, ווי אַ צווייגל אויף שטראָמען...

איצט פאָרט ער זען זיין נייע היים — לאַנד ישראל!

און ווען די שיף האָט זיך פאַראַנקערט אין פריען פרימאָרגן אין חיפה, איז ער געשטאַנען מיטן פּנים צו די ווייסע מויערן, געקלעטערטע אויף בערג. ער האָט צוזאַמענגעלייגט די הענט צו זיין האַרץ, צו זיין אידיש האַרץ, וואָס האָט געקלאַפּט ווי אַ פּויק...

## באַם גרענעץ

מיר האָבן זיך אַרויסגעשאָטן פון אָמניבוס. די גאַנצע באַרגיקע געגנט איז געלעגן אויסגעשטראַלט. מיר זיינען געגאַנגען אין אַ שמאָלער קייט צו אַ ברייטן שטיינערנעם הויז. אַנטקעגן איז אָנגע־קומען אַ אידישער פּאָליציאַנט אָנגעטאָן אין בלויע הויזן, אַ בלויע העמד. פון צעעפנטן קאָלנער, האָט אַרויסגעשיינט אַ קליינינקער גאָלדענער מגן־דוד אויף אַ דין קייטעלע.

— ער האָט אונז באַגריסט מיט אַ שמייכל. און ער האָט גע־עפנט דעם הילצערנעם צאַם. — ער האָט אונז דערקלערט: — דאָ

איז דער סוף פון ישראל־לאַנד! אויף יענער זייט — האָט ער אָנגעוויזן — איז לבנון! —

מיר זיינען געשטאַנען אין שטילעניש... און איבער אונז הויך האָט געפלאַטערט די בלוי־ווייסע אידישע פאָן. — — — —

## גליל העליון

דער וועג איז שמאָל, געדרייט, אויסגעשטיינט, — וויקלט זיך אַרום נאַקעטע בערג. און שטיינער! שטיינער! אויסגעשאָטענע, איינגעגראָבענע שטאַרצן, שפיצן, גליוערן... זיי ליגן קעגן זון, קעגן ווינטן אָפענע, אָפגעדעקטע פון ווייטע אַלטע צייטן. זיי טראָגן אויף זייערע צעבראָכענע קאַרקן דורות. אַ סך שטיינער ליגן צעשאָטענע, אַראָפגעשטויסענע פון די בערג. די פון שטורעמס?! דונערן?! מלחמות!...

אין די טאָלן ליכטיקן קבוצים. פעלדער גרינען צופוסנס די בערג. די פעלדער קוקן אויס ווי גרינע אָזערעס. די געגראָבענע טייכלעך זיינען איינגעראַמט ווי שפיגלען. און קעגן זון טאַנצן אַרויס פיש.

איבער די וויסטע אַלטע בערג שטייען שוין טעלעגראַף־סלופּעס. עס הודזשען דראָטן. אינזשינערן מיט הויכע שטיוול מעסטן מיט שנורן. אַגראָנאָמען שיטן איבער די ערד צווישן שטיינער אין זייערע הענט... אַרכעאָלאָגן גראָבן זיך טיף אין שטייניקן באָדן.

און איבער די בערג טראָגן זיך אין גרויסע אויטאָבוסן אידישע מענער, אידישע פרויען. — זיי האָבן זיך אויפגענומען צוזאַמען אויף אַ טיול אין גליל העליון.

## אויפֿן כנרת

ברייט, בלוי און כוואַליק איז דער כנרת! עס שפּיגלט זיך אין אים דער בלויער ישראל־הימל — אַלע געקנייטשטע בערג, וואָס לאַגערן אָפּגעדעקטע, געזוניקטע. און די אַלטע שטאָט טבריה ליגט אין טאָל ווי סטאַדעס געוואַשענע ציגן.

מיר אַלע שפּאַצירער זיינען אויף אַ שיף אין מיטן כנרת. אונזערע לידער טראָגן זיך צו די בערג. מיר זינגען אַריבער דעם גראָבן קול פֿון די מאָטאָרן. מיר זינגען אַריבער די כוואַליעס. פֿון איין זייט שיינט די זון. און פֿון אַ שיטערן וואָלקן פֿאַלט אַ רעגן — אַ דורכגעזילבערטער, אַ קלינגענדיקער. און אַ רעגנבויגן האָט זיך אויסגעשפּאַנט אין האַלבן ראָד אויפֿן הימל. גאָט האָט אויסגעשריבן זיין צייכן: מער קיין מבול וועט נישט זיין אויף ישראל!...

## אַ נייער איד מיט אַ נייעם בוים

ברוך אָן אַ היטל, אין איין העמד, האָט מיטן רידל געגראָבן טיף. ביז דער גליאיקער ווייסער זאַמד איז געוואָרן געלבלעך, שאָטנ־דיק, פֿייכטלעך... ער האָט אָוועקגעלייגט דעם רידל און פֿון זיין ניי־אויסגעבויט הויז אַרויסגעטראָגן, אָפּגעהיט ווי אָן אתרוג, אַ צאַרט, ציטעריק בוימל. ער האָט דאָס יונג בוימל אַריינגעשטעלט אין באָדן, אַרומגעקנאָטן מיט זיינע וואַרעמע הענט דעם פֿייכטן זאַמד, אַרומגעשאָטן דאָס דין קערפּערל פֿול אַרויף, כמעט ביז די בלעטעלעך, דערנאָך האָט ער מיטן בלעכענעם עמער פֿאַמעלעך גע־גאָסן וואַסער. דער זאַמד האָט געזופּט די נאַסקייט ווי מיט מיילער, און אַרום האָט זיך געבלעזלט. דערנאָך האָט ער דעם פֿאַרשאַרפֿטן שטעקן מיטן האַמער אַריינגעקלאַפּט נאָענט לעבן בוימל, און מיט שטריקלעך צוגעבונדן דעם בוימל צום שטעקן. דאָס בוימל מיטן שטעקן האָבן זיך אַרומגענומען, אַרומגעהאַלזט, און די איינוואוינער פֿון קרית ים האָבן זיך מיטגעפֿרייט מיטן נייעם איד און נייעם בוים...

## חיים פעט

### ביאַליק'ס הויז

צווישן רוישנדיקע גאַסן אין תל־אביב בלאָנדזשעט מען אַריין אין באַבוימערטן ביאַליק־געסל... ווי אין אַ שטילער דאָרף־גאַס. און זיין הויז שטייט אויפגעהויבן, אַרומגענומען מיט הויכע ביימער וואָס ביאַליק האָט זיי געפלאַנצט. דער באָקסער־בוים קושט זיך מיטן טייטל־בוים. און דער מילגרוים האַלזט זיך מיטן אתרוג־בוים. און אַ סאַזשעלקע מיט גאָלדענע פיש רוט צווישן די ביימער. און אין צוויי גרויסע חדרים, ביי לאַנגע הילצערנע טישן זיצן בחורים און מיידלעך איבער ספרים. אין איין צימער שטייט שטום דער שרייב־טיש. און דער לעדערנער שטול, אַ ליידיקער... און אין אַלמער אונטער גלאָז ליגט ביאַליק'ס שטעקן, אַ געגאַרבטער, אַ ברוינער, אַ וואַנדערנדיקער... ער ליגט אויסגעצויגן אָן ביאַליק'ס האַנט אויף אים... ער ליגט אַרומגעוועבט מיט אַלע לעגענדעס פון ר' חיים נחמן ביאַליק...

### טראַקטאָרס

אין אַ שערענגע שטייען די שווערע מעכטיקע געלע טראַקטאָרס. אויף זייערע ציינערדיקע רעדער זיינען אַרויפגעטאָן ברייטע, גע־בראָכענע קייטן. און אַ מחנה אידן שטייען אָנגעטאָן אין כאַקענע בליוזעס, הויזן, אין היטלען. זיי טרינקען אָן די טראַקטאָרס מיט גומענע קישקעס פון די פעסלעך בענזין. זיי שמירן די שרויפן, קווינטן מיט אויל. זיי פוצן די רויכערדיקע קוימענס, די שטויביקע רעדער, די שווערע, ברייטע, מעטאַלענע קערפּערס. דערנאָך צעזעצן זיך די מחנה אידן ביי די רודערס — איין שאַרפער פייף פון אָנ־פירער... און די טראַקטאָרס צעפילדערן. זיי קריכן זיך פונאַנדער אויף די בערג זאַמד. די ברייטע מדבר־ביימער פאַלן זיך פונאַנדער אונטערגעגראָבענע, אויסגעקערטע, מיט די וואָרצלען אַרויף.

און די בערג מיט זאַמד ווערן אויסגעוועלגערט, אונטערטעניק — די אידישע בויער אויף זייער נייעם לאַנד ישראל...

## קינדער פון עולים

אין די נייע ישראל־שיכונים זעט מען, אין די זוניקע טעג, קינדער אויסגעשאָטן אויף די גאַסן. זיי טראָגן אויף זיך קליידער פון אַלע לענדער. זיי שפּילן זיך אין פערדלעך, קייקלען רייפן. זיי האָבן אַריבערגעבראַכט שפּילן פון די אַלטע היימען. אָבער די ישראל־זון נעמט זיי איין — זי שוואַרצט, חנ׳ט זייערע פּנים׳לעך. דער הייסער זאַמד טוט אויס זייערע שיכלעך. דער ווינט צעקודלט זייערע פאַר־קאַמטע קעפּלעך. אין זייערע הענטלעך האַלטן זיי מאַראַנצן. אין גן פירן זיי די לערערינס אין שערענגעס קאַראַהאָדן...

פון טאָג צו טאָג ווערן זיי איבערגעפלאַנצט אין ישראל׳ס גע־טרייע זין, געטרייע טעכטער...

## אַ ספר תורה

אין אויטאָבוס האָב איך זי געטראָפן. זי איז געזעסן פאַרטראַכט. אירע שוואַרצע וואַרעמע אויגן האָבן מיך דורכגענומען ווי מאַג־נעטן... אירע איידעלע הענט מיט לאַנגע פינגער האָט זי געהאַלטן אויף אַ געשטריקטן טעשל, ווי זי וואָלט געהאַלטן אַ טייערן חפץ... איך האָב זיך אָפּגערופן: ס׳איז זייער אַ שיינער טאַש! זי האָט אַ שמייכל געטאָן, צעעפנט דעם טאַש, אַרויסגענומען אַ מענטעלע, אויסגענייט מיט זייד, אויסגעשטיקט מיט גאָלד.

— דאָס פיר איך אַ מתנה די תימנ׳ער אינם נייעם שיכון. די דאַרע, קליינע, טויזנטיעריקע אידן האָבן געבראַכט אַ ספר־תורה פון תימן.

— דאָ פאָרט מיינע אַ מומע פון מצרים.

— איך און מיין מאַמע פון אַדען.

דער אויטאָבוס האָט זיך אָפּגעשטעלט. די דריי פרויען זיינען אַראָפּגעשטיגן. איך בין ווייטער געפאָרן — גערירט, דורכגענומען מיט דער ספר־תורה שמחה...

חיים פעט

## הונדערט יאָר

אין בני־ברק אין אַ ווייסער הויז אויף אַ באַרג, זיינען געווען באַלויכטן אַלע פענצטער. און ביי אַ געדעקטן טיש מיט הייסע ברוינע גלעזער טיי זיינען געזעסן אַרום און אַרום לאַנדסלייט, צונויפגעפּאַרענע פון גאַנצן לאַנד ישראל. און אין בריטן שטול איז געזעסן ציפּע פון דער אַמאָליקער אַלטער היים זייערער... זי איז געזעסן אָנגעשפּאַרט מיט אַ פּאַטשיילקע אויפן קאָפּ, מיט קניפּלעך אונטער דער שאַרפער גאָמבע. אירע ציטערדיקע אויסגעדאַרטע הענט אויפן טיש. עס זיינען געפאַלן הימישע רייד, קורצע ווערטלעך...

און ווען ציפּע האָט עפּעס געזאָגט — איז געוואָרן שטיל ווי אין אַ וואַלד. דערנאָך האָבן אַלע אויפגעלאַכט. און אַ פּאַטשעריי פון הענט, האָט אָפּגעקלונגען אויף די פענצטער. ס׳איז ניט געזעסן אַ הונדערט יאָריקע פרוי, — נאָר אַן אַקטריסע וואָס דער לאַנגער רייכער לעבן, האָט איינגעשפּילט אין איר...

## די גמרא

אין תל־אביב אין דער ברייטער קאָכיקער „אַלענבי״ גאַס — זיצט אַ ברייטער יוסטער איד מיט אַ פיר־קאַנטיקע ווייסע באָרד, מיט אַ יאַרמולקע הויך אַרויפגערוקט אויפן שטערן.

ער זיצט אין אַ קליין אויפגעשלאָגן ביידל. דאָס ביידל איז אַרומגעהאָנגען מיט זשורנאַלן, ציישונגען אויף אַלערליי שפּראַכן, פּאַרטייען... דער איד זיצט איינגעראַמט אין אַלע נייע לעבעדיקע קולטורן.

אָבער ער זיצט פּאַרטיפט געבויגן איבער אַן אָפענע גמרא, — אַן אָוועקגעטראָגענער אין וויטן אַמאָל פון די גרויסע אבות...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

## מזל־ברכה

גאָלדשטיין איז ניט געשלאָפן. דער שטאַרקער רעגן, וואָס האָט געשווענקט אויף די פענצטער, געפּויקט אין דאַך, האָט זיין האַרץ אָנגעצונדן מיט שמחה. דער האָבער וואָס ער האָט פאַרזייט, וועט אויפגיין אין פאַרדעקן זיין פעלד אין גרינעם טוך. אויך די קאַרטאָפל וועלן ניט פינסטערן אין דער טרוקענער ערד... — ער האָט פאַרנומען דאָס בילן פון זיין הונט. אין מינוטן איז ער אין רעגן־מאַנטל, גומענע שטיוול, מיטן עלעקטרישן־שיינער — געווען אין דרויסן.

ער האָט פאַרנומען אַ מוקען פון זיין קו. און די הינער אין די שטייגן זיינען אַרומגעלאָפן. דער הונט האָט זיך אַ שאַר געטאָן לעבן זיינע פיס... —

גאָלדשטיין האָט געעפנט די שטאַל־טיר. די קו אַן איבערגעשראָקענע פון די ליכט, האָט זיך אָנגעשטויסן אָן וואַנט. אָבער די צוויי נאָר וואָס געבאָרענע קעלבלעך זיינען געלעגן אין קנוילן. און פון זייערע פעלכלעך, האָט געשלאָגן פאַרע...

דער פאַרמער, האָט אַ גלעט געטאָן די מאַמע־קו, די קלעבלעך, דעם הונט. — און אין שטוב האָט ער געוועקט זיין ווייב: — אונזער פרה־אדומה, האָט זיך געקעלבט מיט אַ צווילינג... —

מאַן און ווייב און דער רעגן האָבן גערעדט אַ גאַנצע נאַכט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

## דאָס אייגן שטיקל ערד

זלמן האָט געמאָסטן דאָס שטיקל פלאַץ, וואָס איז געווען אָפּגעצאַמט מיט ברעטלעך. און איבערגעצויגן מיט שטריקלעך. — ברוך השם! — דאָ אויפן זאַמד וועט זיך אויסבויען מיין הויז. ער האָט דעם וואַרעמען זאַמד דורכגעשאָטן דורך די פינגער. און ער האָט געציילט די שטיינערנע בלאָקס, וואָס זיינען געלעגן איינע אויף די

אַנדערע. ער האָט אַראָפּגענומען אַ שטיינערנעם בלאָק, געוואויגן אין די הענט און געהאַט דעם געפיל — ווי ער האַלט זיינס אַ קינד...

דערנאָך האָט ער זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף די שטיינער און געבליבן זיצן ווי אַ פויגל אַף זיין נעסט...

## ערב שבת

דער שערער האָט צונויפגעקליבן די געצייגן — שערלעך, בריטוועס — זיי איבערגעווישט. די עלעקטרישע שער־מאַשינקעס אויסגעבלאָזן. צונויפגענומען די העברייאישע זשורנאַלן. — דער לעצטער וואָס איז אַרויס אַ פּאַרקאַמטער אַן אָפּגעגאָלטער, אַ לייכט אָנגעפּערפיומירטער איז געווען דער מילכמאַן. אויפן גאַס האָבן קינדערלעך נאָכגעקוקט: אים שווער דערקאָנט, — נאָכן אָפּשערן... אָן דער קאַן מילך אין האַנט, מיט דער בלעכענער קוואָרט. און דער אייזמאַן איז פאַרפאָרן פאַמעלעך מיט זיין טראָק צו זיין היים. די טירן פון טראָק זיינען געווען צעעפנט ליידיק פון די חלקים אייז. אויך דער מיסט־פירער, האָט אויסגעשפּאַנט דאָס פערדל. — ער האָט אים ערב־שבת׳דיקע ליבע פּעטשלעך געשענקט איבערביידע זייטן האַלז... — — —

## די וואַנדערנדיקע ביבליאָטעק

אין אַן אויפגעקלאַפּטע הילצערנע בודקע, מיט אַלטע בלעכן אויסגעדעקט דעם דאַך, ליגן אויף די פּאָליצעס אין דער פינסטער ביכער פון די וועלט־מייסטערס...

גאַנץ פרי, — נאָכן אָרעמען אָנבייסן קומט אַרויס פון זיין צימערל אברהם בעקער מיטן שליסל אין האַנט. ער עפנט די טיר פון דער בודקע. דער יונגער ישראל דרויסן גיט זיך אַ שפּאַר אַריין — אַלע ביכער ווערן באַשיינט פון גאָט׳ס ליכט...

און אברהם בעקער נעמט אַראָפּ אָפּגעהיט פון די פּאָליצעס ביכער. ער טראָגט זיי פאַרזיכטיק ווי קינדער, ער לייגט זיי אין אַ וועגעלע ביז די ראַנדן. דערנאָך שפּאַנט ער זיך איין. און ער פירט אויף די זאַמדן אין אידישע היימען ביכער פון די וועלט־מייסטערס...

## אַלע האָבן געשריען

די מאַמע אייזלטע איז געשטאַנען צוגעבונדן צו אַ דאַר בוימל. אירע אויערן זיינען געשטאַנען אָנגעשפּיצט. אַרום נאָז איז איר פּנים געווען ווייסלעך, ווי אָנגעפּודערט. זי האָט נאָכגעקוקט מיט פייכטע וואַרעמע אויגן איר זון וואָס איז געשטאַנען אָפּגערוקט פאַר־טראַכט. ער האָט צוגעציטערט מיט די דינע פיסלעך און מיטן קורצן עקל געטריבן די פליגן. — מיט אַמאָל האָט דאָס יונגע אייזעלע גענומען גאַלאָפּירן צום שאָסיי וואו עס רוישן מאַשינען. — די מאַמע אייזלטע האָט אויפגעשריען. זיך אָפּגעריסן פון בוימל...

זי איז ווילד געלאָפן נאָך איר זון. אויך אין אַ זייטיק שטיבעלע האָט אַ פרוי געשריען אויף איר מאַן... און דער מאַן אַ כעס׳יקער איז אַרויסגעלאָפן אַנטקעגן די אייזעלעך. ער האָט אויף זיי גע־שריען. זיי האָבן זיך דערשראָקענע אָפּגעשטעלט.

און אַלע געשרייען זיינען פאַרזונקען געוואָרן אין די זאַמדן פון ישראל. — — — — —

## פישער־לייט

די כנרת האָט שטיל געברומט: ניט פון ווינט, ניט פון בייזקייט — נאָר פון די פיל וואַסערן.

עס האָבן זיך אין איר געשפּיגלט די ישראל־נאַכט און דער בלויער הימל — אויסגעשטערנט מיט אַ גרויסער לבנה. ס׳האָבן זיך אין איר געשפּיגלט טבריה און די בערג אַרום.

אויף די שיפלעך מיט נעצן האָבן פישער־לייט גערודערט. זייערע סיגאַרעטלעך האָבן ווי פייער־פליגן זיך געטראָגן מיט די שטראָמען; זייערע שטימען האָבן אָפּגעקלונגען מיסטעריעז, מיט לייכטע ווידער־קולות. און די נעצן אויסגעשפרייטע, פאַרזונקענע אין די וואַסערן, האָבן ווי גערעדט: עס האָבן געקלונגען די בליי רינגען, די קאָרקעס האָבן געבאָלבעט; און די פיש האָבן גערודערט, געקלאַפּט מיט די קעפּ צו די אויסגעשטריקטע אויגן פון די נעצן. און אַלץ אַרום האָט געאָטעמט מיט דער טיפער שפּראַך פון שטיל־קייט און שלום...

## רמת־רחל

נאָענט צו ירושלים רוט דער קבוץ רמת רחל.

אין דעם גרויסן, געמויערטן קבוץ־הויז זיינען די טירן צעעפנט, די שטולן צעשליידערט, די בענק איבערגעקערט, די פּיאַנע צעבראָכן, פאַרשטומט, די פענצטער אויסגעזעצט. עס דערציילט וועגן די טעג פון קריג, וועגן קאַמפן, וועגן אידישע זין און טעכטער, וואָס זיינען געפאַלן ביים פאַרטיידיקן זייערע משפחות, זייער דאָרף, דאָס לאַנד.

און מיר, צוגעפאָרענע געסט, סיי פון ישראל סיי פון חוץ־לארץ, שטייען מיט געבויגענע קעפּ. מיר קוקן אַריבער צו דער גרענעץ, צו דער מוטער רחל וואָס וויינט פאַר אירע קינדער...

מיר קוקן אף די נייע הייזער, וואָס בויען זיך אין קבוץ, מיר קוקן אויף ירושלים וואָס ליגט אין די בערג, און מיר זאָגן: זאָלן ניט פאַרגעסן ווערן אייערע הייליקע נעמען, — די נעמען פון די געפאַלענע און די נעמען פון די לעבעדיקע, וואָס איר בויט באַנייט און היט דעם באַנייטן קבוץ רמת רחל!...

## קיסריה

חרוב ליגט די אַלטע שטאָט קיסריה. אויף די חורבעס שטיינער שפּרינגען אַרום יאַשטשערקעס. די ווענט, צעשאָטענע, זעען אויס ווי פאַרגליווערט אין אַ טויזנט יאָריקן שלאָף; פּוסט זיינען די שמאָלע גאַסן. נאָר אויפן ברעג ים הערט מען דאָס גראַגערן פון גראַב־מאַשינען — אידן בויען אַ נייעם פּאָרט.

און אַנטקעגן ליכטיקט זיך דער נייער קיבוץ: ווייסע הייזער, ווייסער זאַמד, אַרומגערינגלט פון ים. אויפן וועג צום קבוץ זיצט ברחבות אַ געץ, וואָס מען האָט אָקאָרשט אויסגעגראָבן. די מעכטיקע פיגור, אָן אַ קאָפּ און אָן אָרעמס, אין אַ שטיינערנער געפאַלדעוועטער קלייד, דערציילט שטום וועגן דעם קעניג הורדוס, דעם פרינץ פון די רוימישע באַדריקער.

און אין קבוץ לייכט און פינקלט דאָס הויז אויפן נאָמען חנה סענעש, וואָס האָט איר יונגן לעבן אַוועקגעגעבן פאַרן פאָלק ישראל.

## אויפן שאָסיי ביינאַכט

דער הימל איבער ישראל — הויך, בלוי, מיט אַ גרויסער לבנה צווישן ציטערדיקע שטערן. און דער זאַמד אויסגעזילבערט, בערגל־דיק. אַ מדבר׳דיקער געשפּרייטער נידעריקער בוים, וואו ניט וואו.

איבערן זאַמד זיינען אָפּגעצייכנט שווערע טריט פון קעמלען. שטילערע טריט פון אייזלען. דריי פינגערדיקע פויגל שפּאַנען.

און אין זאַמד ליגט איינגעפּעסטיקט פון קליינע שטיינדעלעך פאַרגאָסן מיט צעמענט אַ שאָסיי! איבער דעם וועג רוישן אויטאָ־בוסן. עס טראָגן זיך ליסאָפּעטלעך, פאַרליבטע שפּאַצירן, זיי זינגען לידער, דערמאָנען די בראַווע געטרייע אידישע זין, חלוצים וואָס האָבן די ערשטע שאָסייען געפלאַסטערט...

חיים פעט

## אַ יונגער קבוץ

די ווייסע הייזער שטייען לײדיקע.

עס גרינען ביימעלעך. בלומען וואונדערן אין זייערע בונטע פאַרבן. בינען רוישן. פויגל שוועבן. און די פרויען, מענער, זיינען צעשאָטן אויף די פעלדער. עס גראַגערט אַ קאָמביינער, אַ טראַקטאָר גרילצט. קי מוקען, שעפּסן בלעקען, הענער קרייען און די הינער סאַקאָטשען.

און די לערערין פירט די קליינע קינדער. איבער די אויסגעליידיקטע געסלעך פון קבוץ. די קינדער זיינען מונטערע פריילעכע, געבאָדענע, אין קורצע קליידלעך, קורצע הייזלעך. די לערערין זינגט שטיל. און די קינדערלעך מיט פאַרשמייכלטע פּנים׳לעך זינגען אף זייערע יונגע קול׳עכלעך...

## דער שריפטשטעלער פון גלות

ער האָט פיל געלערנט, געוואַנדערט, געשריבן אין צייטונגען, זשורנאַלן, אויפגעטראָטן אין גרויסע זאַלן. זיין געשטאַלט איז איינגעראַמט אין פיל אידישע היימען. זיינע ביכער זיינען צעשטעלט אין שאַפעס, אף פּאָליצעס.

— ער איז שוין אַ זקן. אַ שטאָלצער מיט אַ ווייסן שיינעם קאָפּ. איצט האָט אים אַ שיף געבראַכט צו די ברעגן פון ישראל. צו דער אויפגעהויבענער, אויסגעקעמפטער שטאָט חיפה.

מען האָט אים אויסגעשטאָט אַ היים אויפן הר הכרמל. פון איין וועראַנדע זעט ער דעם מיטללענדישן ים. פון דער צווייטער דעם עמק זבולן. פון דער דריטער די אידישע שטאָט חיפה! און פון דער פערטער די בערג פון ישראל!...

## פייגל און חיות

אין אַ שטילער גאַס אין תל־אביב ליגט אַרומגעצאַמט דער גאָרטן פון פויגל און חיות. — דאָרט האָב איך געזען אַ מאַמע מאַלפּע מיט אַ קינדעלעביים האַרץ. געזען אַ ווילדע הענדיטשקע און אונטער אירע אויסגעשפּרייטע פליגל האָבן אַרויסגעקוקט פייגעלעך מיט קריינדלעך אויף די קעפּלעך. געזען אַ מאַמע קאַנגורע איז געזעסן אַף אייער גרויסע, גלאַנציקע ווי יונגע קירבעסן. — דאָרט האָב איך געזען די יונגע סאַברעס באַ די שטאַכעטן פון די פויגל און חיות...

## אידישע סאָלדאַטן

אונטערן פרייען הימל זיינען זיי געזעסן, די אידישע סאָלדאַטן. עס האָבן געלויכטן פון ירושלים פייערלעך. שטערן האָבן געפינקלט. דער פייער פון דעם באַרג אַרויפגעלייגטע צווייגן... די פונקען האָבן זיך צעפלויגן ווי פייער פליגן. — אין די אויגן פון די מיידלעך, בחורים האָט זיך אָפּגעשפּיגלט ליבשאַפט צום אַלטן באַנייטן יונגן לאַנד... זיי זיינען געזעסן באַלויכטענע פון פלאַם. און די ביקסן צו זייערע קני, ווי שטילע געברוינטע פידלען. זיי האָבן געזונגען, געפּאַטשט מיט די הענט...

נאָר איין סאָלדאַט איז געשטאַנען אָפּגערוקט פון פלאַם. ס'איז אים געקומען זען זיין יונגע פרוי. זי האָט אים שטיל דערציילט: — זייער קינד שניידט זיך ציינדלעך. זייער קינד, האָט אָנגעפאַנגען שטעלן טריט. זייער קינד רופט אים פון שלאָף „אבא"...

חיים פעט

# מאַבּרעם

אייערע בלאָנדע רויט האַריקע קעפּ, טראָגט איר שטאָלץ. אייערע ברוינע שלאַנקע פיס, זיינען פלינק ווי פון הירשן. איר שפּאַצירט פאַרליבטע אין אייער קליין לאַנד. איר קלעטערט אף בערג מיט די הענט און מיט די פיס. איר שטויבט אף די וועגן, ווי סאָלדאַטן באַלאָדן מיט רענצלעך. פּעקלעך אף די פּלייצעס. איר לאַכט הויך און פריי. און איר שמייכלט מיט זון אין די אויגן. איר כעס׳ט זיך ווי ענדיקעס. צינדט זיך ווי שוועבעלעך. איר שטעלט אָפּ טראָקס אף די וועגן — און איר כאַפּט זיך אַרויף ווי מאָטילן... איר פאַרזינגט די רוישיקע וועגן. און איר פאָכעט מיט די הענט, מיט טיכלעך. און איר ענטפערט זיך איבער:

שלום! שלום! — — — — — — — —

## אין די וויין קעלטערס

ראשון לציון! ביסט פון די עלטסטע שטעט אין ניי־ישראל! דער ריינער דרום הימל הענגט איבער דיר. און דער דענקמאָל פון באַראָן ראָטשילד קוקט אף אַלע זייטן שטאָט. נאָענט לעבן דענקמאָל — שטייען שווערע געביידעס פון וויין קעלטערס. אין די געביידעס ציען זיך אונטערערדישע דורכגאַנגען. עס שטייט דאָרט אַ טונקלקייט, אַ קילקייט. די הילצערנע פעסער מיט רייפן אַרומגע־שלאָגן פלאַצן שיעור פון דעם הייסן געטראַנק... אידישע פרויען און מענער גיסן דעם וויין אין געוואַשענע פלעשער. זיי קאָרקעווען די פלעשער. פאַרגיסן די העלזער מיט הייסן טריוואַקס — און זיי קלעפּן אף די פּלייצעס בלעטלעך מיט אידישע שריפט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

## קרית ים ביינאַכט

אף אויסגעשפרייטע זאַמדן שטייען צעוואָרפן ווייסע שטיבלעך, ווי אויסגעמאָלענע... דער זאַמד ווייס, אויסגעגליט פון זון, אויס־געקאַמט פון ווינטן — פון מדבר, פון מיטללענדישן ים.

ביינאַכט איז דער זאַמד אויסגעלויכטן פון לבנה, שטערן, שטילע לאָמפּן פון אידישע היימען.

די שטאָט חיפה! ציטערט אין פייערן, ווי אף קאַסקאַדן. פון צווייטן זייט ליגט עכו איינגעזאַמלט געדיכט; אויפגעהויבן אַלט און שטאַרק, אַריינגעוואַקסן אין ים.

אַרום זעט מען נייע שכונים. מען הערט דער ים רוישט. נאָענט צום ברעג שטייען געאַנקערטע באַלויכטענע שיפן. — וואַסער און פייער האָבן זיך פאַר'חבר'ט — שלום געמאַכט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

# געשטאַלטן

## די באָבעלע פון צפת

זי איז געזעסן אויפן שוועל און פון אונטער איר לאַנגן קלייד האָבן אַרויסגעקוקט די שפּיצן פון אירע סאַנדאַלן. דורך די צע־ריסענע סאַנדאַלן האָט מען געזען ווייסע זאָקן. איר שייטל איז געווען טיף אַראָפּגערוקט איבערן שטערן, און איבערן שייטל — אַ טיכל; איבער די אויגן — שפּאַקולן אַראָפּגערוקט צום שפּיץ נאָז.

— כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט נאָענט, איר געזאָגט שלום!

זי האָט מיר מונטער געענטפערט:

— געזונט און לעבן אויף אייך. איר זענט פון צפת?!

— ניין — האָב איך געענטפערט שטיל; געוואָלט אויספּרובירן צי זי הערט...

— אַזוי, אַזש פון אַמעריקע?! איר זענט געקומען בלייבן?

— ניין. — כ׳האָב זיך געפילט אומבאַקוועם מיט מיין תשובה.

— איך, יונגערמאַן, בין דאָ־הי געבאָרן — האָט זי געזאָגט — מיינע קינדער, אייניקלעך זיינען אין דער הייליקער שטאָט ירושלים! אויך צפת איז אַלט, הייליק און פון גאָט אָפּגעהיט. קרוב פופציק שולן געפינען זיך דאָ. איך האָב שוין דורך מיינע אַלטע יאָרן, וואָס גאָט האָט מיר געשענקט. אין זיי אַלע געדאַווענט. דאָ האָט געלעבט דער אַר״י הקדוש. איך פלעג גיין אַלע יאָר אויפן בית־עולם און לעבן זיין הייליקער אייביקער שטוב בעטן פאַר מיינע קינדער, אייניקלעך און פאַר כלל־ישראל. איצט דינען מיר ניט די כוחות... איך האָב דאָ געזען הערשן די טערקן, אַראַבער און איצט האָב איך דערלעבט ווי פאַרצייטנס, ווי איך האָב געלייענט אין טייטש־חומש פון דוד המלך און שלמה המלך! איצט זיצט דוד המלכ׳ס אַ ווייטער אייניקל אויפן קעניגלעכן טראָן. איך קען אין צפת אַלע קרומע שמאָלע געסלעך. דורך די געסלעך וועט מען מיך פירן, ווען גאָט׳ס מלאך וועט מיר פאַרשליסן די אויגן...

איך בין געשטאַנען שטיל. די זון האָט אַראָפּגענידערט צו די בערג. אַלט אידיש לשון האָט זיך געטראָגן פון די אָפענע פענצטער. און אַ תפילה איז אין מיר אויפגעגאַנגען:

— לאַנג לעבן זאָל נאָך די באָבעלע פון צפת!...

## דער פאָטאָגראַפיסט

איידער מען גייט אַריין צו אים אין שטיבל, באַטראַכט איר דאָס אַלמערל, וואָס איז צוגעשלאָגן צום פּאַרקאַן. דורך גלעזערנע טירלעך זעען זיך פאָטאָגראַפיעס: אַ כלה אין אַ ווייסן קלייד מיט אַ גרילאַנדע; אַ חתן־בחור — ער מיט אַ צילינדער און אַ סורדוט, זיין שניפּס ווי אַ פויגל אויסגעשפּרייט. אויך אַן אַלטער איד מיט אַן אויסגעקאַמטער באָרד און אויפן קאָפּ אַ יאַרמלקע.

אַז איר קלאַפּט אָן אין טיר, קומט אייך אנטקעגן אַ דראָבנער לאַכנדיקער איד:

— זיצט מיינע ליבע געסט. קיין עין־הרע ווי איר קוקט אויס אין ישראל... טאַקע נאָר אַראָפּצונעמען אַ בילד...

באַלד פירט ער אַריין אויף רעדלעך אַ הויכן קאַסטן אויף דריי הויכע הילצערנע פיס. דער קאַסטן איז איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרצער דעקע, און אַ פאַררויכערטע גרויסע אויג קוקט אויף אייך...

דער פריילעכער דראָבנער איד שפּרינגט, מאַשטשעט די געסט אויף שטולן. ער קירעוועט אײדל זייערע קעפּ. קוקט פון ווייטן — פּרימאַ! און ער זינגט אויס:

— ניט לאַכן! ניט גענעצן! זיצט ווי ביי אייער מאַמען...
זיין פּנים באַקומט אַ קאָמישן אויסדרוק ווי פון אַן אַלטן אַקטיאָר.

— אַ דאַנק! — שמייכלט ער אויף ווי אַ זיגער — איך האָב אייך געפּאַקט אין מיין קאַסטן...

חיים פעט

## מיין שכן

ס׳איז שווער צו דערקענען וויפיל ער איז אַלט. ער איז גלאַט אַרומגעגאָלט, אויסגעגלייכט, גרינג אויף די פיס. ער שטייט אויף מיטן קרייען פון די הענער און פלאַטערט ווי אַ בין אַרום די ביימ־לעך, וואָס ער האָט פאַרפלאַנצט. ער שערט אַרום די פאַרטריקנטע צווייגן, צעהאַקט זיי מיטן שאַרפן העקל און לייגט אויף אין בינטלעך. ער שפּרייזט דער ערשטער אין קראָם מיט אַ געפלאָכטענעם קאָ־שעקל. אויפן וועג ראַמט ער אָוועק אַ שטיינדל, אַ זשאַווערדיקן דראָט.

ווען ער לייענט די צייטונג, טוט ער אָן בלויע ברילן און זיצט באַרוט און שטיל. ווען די זון ווערט שטאַרקער, גייט ער אַריין אין שטוב און פאַרמאַכט די לאָדנס. ער פאַרנעמט זיך מיט אַריינקלעפּן מאַרקעס פון אַלערליי לענדער אינם גרויסן אַלבאָם. ער נוצט פאַר־שיידענע מעסערס פאַר ברויט, מאַרגאַרין, גרינסן. זיי זיינען אָנגע־שאַרפטע, פינקלדיקע. די ברעקלעך שאַרט ער צונויף און טראָגט עס אַרויס צו די פּאַר הינער, וואָס ער האַלט אין אַ שטייג. ער קאָרמעט זיי און גיט זיי טרינקען אין צייט. ער האָט אויסגעבויט אַ ביידל, געדעקט מיט בלעכן, וואָס ער האָט אויפגעקליבן אויף די זאַמדן ביים ים. אין ביידל שטייען פּאַליצעס, איינע איבער די אַנדערע. ער האַלט דאָרט פאַרשיידענע מכשירים. ער קויפט אַלץ... ער פירט צו זיין ביידל אידן... ער שליסט אָפּ די טיר און לאָזט זיי אָנקוקן די סחורות, און ער לויבט מיט אַן ערנסט פּנים און גלויביקע אויגן...

און ביינאַכט, ווען זיין זון מיט דער שנור פּוצן זיך אויס און זאָגן צו אים „שלום!", בלייבט ער מיטן אייניקל אין דער שטילער שטוב לעבן ים. די נאַכט שליסט זיך פאַר אים אין שלום מיטן געבוירענעם אייניקל אין ישראל...

## אַן אייגן קעניגרייך

דער לערער גליק קומט פון שול, כאַפּט זיך אַראָפּ פון וועלי־סאָפּעדל. עס באַגעגענען אים זיין ווייב און די פיר קינדערלעך.

דעם אינגל הויבט ער אויף און די מיידלעך גלעט ער איבער די קעפעלעך. אין די צוויי צימערלעך זיינען פאַרבעט די בעטן. די שאַפעס שטייען אָפן, שפילצייג ליגן צעוואָרפן אויף בענקלעך, אויף דער פאָדלאָגע. מיט איין האַנט עסט לערער גליק, און מיט דער צווייטער ווייזט ער דעם אינגעלע אין אַ ביכל די גרויסע אידישע אותיות.

דערנאָך כאַפט זיך גליק אַרויס צום לול (הינער־שטייג), שיט קערנער אין די קאָרעטקעס, לאָזט פליצן וואַסער אין בלעכענע רינעלעך. די הינער כאַפן זיך אַראָפ פון די הויכע שטאַכעטן. זיי שפרינגען, פלוידערן, זויגן די קאַמען. גליק קלייבט אַרויס די אייער און טראָגט זיי אין הויז. דערנאָך בינדט ער אָפ די צוויי ציגן און פירט זיי ביי דער לאַנגער שטריק. זיי טרייסלען מיט די בערד, מעקען פריילעך, געציקלט. זיך דורכגעשפאַצירט מיט די ציגן פירט ער זיי אין ציגן שטעלכל. ער גיט זיי עסן, מעלקט זיי און רעדט צו זיי:

— פאַרגעסט ניט אַז איר זענט אין ישראל! כשר'ע אידישע ציגן...

די ווייב קומט אים אַנטקעגן, נעמט אַוועק דאָס שעפל שוימענדיקע מילך. און דער לערער גליק איז שוין אַרום די בוימלעך. פיל סאָרטן פרוכטן וואַקסן אַרום זיין בייעם הויז. און אויף די בייטן ליגן אוגערקעס אונטער ברייטע בלעטער. און פאָמידאָרן הענגען פאַרויטלטע, אָנגעשפאַרט אויף שטעקלעך. גליק שטייט איינגעבויגן, ער שפריצט וואַסער, בינדט אונטער אַ פלאַנץ. עס שזומען בינען און זומער־פייגעלעך פלאַטערן. די קינדערלעך מאָנען, אַז ער זאָל מיט זיי פאָרן זיך באָדן. ער לאָזט זיך איבעררעדן. ער פירט אַרויס דאָס וועליסאָפעדל און בינדט צו אים צו אַ שיפל. ער זעצט אַריין די קינדער אינם שיפל און ווינקט צו זיין ווייב: — שלום!

באַלד איז ער שוין מיט די קינדער אויפן שאָסיי צום ים.

ח י י ם פ ע ט

## די תימנ׳ער וועשערין

זי איז טונקל, שמאָל און דאַר, מיט צוויי שוואַרצע וואַרעמע אויגן. זי קומט אָנגעטאָן האַלב יום־טוב׳דיק, מיט אַ גרויסן טאַש אין דער האַנט, אין אַ לאַנגן קלייד, מיט אַ בונטע טיכל אויפֿן קאָפּ. זי שפּרייזט איבער די זאַמדן גרינג, קלאַפּט לייכט אין טיר און זאָגט:

— שלום גברת!

אויף די קינדער פֿרעגט זי, וואָס זיי מאַכן:

— מה שלומכם ילדים?

— טוב! — ענטפֿערט די בעל הבית׳טע.

— ברוך השם — ענטפֿערט די תימנ׳ערין. דערנאָך טוט זי אָן אַלטע שיך און אַ לאַנגן פֿאַרטוך פֿון סאַראַטע. מיט פֿאַרקאַשערטע אַרבל שטייט זי איבערגעבויגן איבער אַ בלעכענער קיילעכדיקער באַלייע. זי רייבט מיט אַ גרויס געל שטיק זייף איבער אַ געקאַרבטן ברעטל. אירע אָדערדיקע דאַרע הענט טונקען זיך אין שמוציקן וואַסער און מולינעס. אונטערן גרויסן שוואַרצן קעסל פֿלאַקערן שטיקער האָלץ. צו דעם קראַן אין דרויסן איז צוגעשרויפֿט אַ גומענע קישקע. זי אַרבעט פֿלינק מיט אַלע וואַש־מכשירים און דער באַרג וועש ווערט אין די לאַנגע זומער־שעה׳ן אונטער דער ברענענדיקער זון פֿאַרשלונגען אין די וואַנעלעך און באַלייעס.

אינמיטן טאָג קומט זי אַריין אין הויז, וואַשט די הענט, זעצט זיך שטיל ביים טיש. זי בייסט קליינע ביסנס פֿון פּעניץ ברויט. זי קלאַפּט ניט מיט מעסער־גאָפּל און טרינקט דעם בעכער טיי ווי אַ כוס וויין...

און איידער זי גייט אַהיים, שטייט זי אָנגעטאָן אין דעם לאַנגן קלייד, אין גאַנצע שיך, מיטן בונטן טיכל אויפֿן קאָפּ און זעגנט זיך מיט גוטע וואונטשן. זי וואַרפֿט אַ בליק אויף די אויסגעהאָנגענע וועש, וואָס פֿלאַטערט אין לאַנגע שערענגעס און זאָגט:

— טוב! אַלע אידן דאָ אין ישראל ברוך השם... ממשלה שלנו...

## אַ וואַנדערער

גלייך מיט טאָג לאָזט ער זיך אין וועג. אין דער האַנט טראָגט ער אַ לעדערנעם טעשל, אין טעשל — עטלעכע העמדער, זאָקן, נאָז־טיכלעך און אַ מאַשינקע צום גאָלן זיך. אין דער צווייטער האַנט — אַ שטעקן. דער שטעקן איז זיין מיט־וואַנדערער, זיין געווער: טאָמער אַ שלאַנג, אַ שאַקאַל, אַ יאַשטשערקע. אויפן שטעקן הענגט ער אויף די הוט, דאָס רעקל — ווען ער רוט לעבן אַ בוים אין שאָטן. ער פרייט זיך מיט אַלץ וואָס ער זעט אין ישראל: די שמאָלע פאַסן פעלדער פאַראַקערטע אָדער פאַרזייטע, בוימעלעך מיט וויינטרויבן, ציטרוס־ביימער. ווען ער שפרייזט דורך אַ דאָרף באַגריסט ער זיך מיט די קינדער. און מיט די ציגן און הינער אין האַרצן. און אַז ער זעט אינדיקעס, גענז, קאַטשקעס, קומט אים פאַר, אַז זיי זיינען אויסדערוויילטע אַף דער ישראל ערד.

ער איז אין די מיטעלע יאָרן. און עס אַרן אים ניט די זאַמדן, פלאַקערדיקע זון. ווי גיך די אידן האָבן זיך דאָ צוגעפּאַסט צום קלימאַט! זיי דעקן די פערד מיט פּאַפּאַנעס. זיי רייטן אויף אייזלען. זיי פאַשען שעפּסן. און ער זעט דאָ אידן פון דער גאַנצער וועלט — שוואַרצע, ווייסע. און ער גייט ווי פאַר׳כשופ׳ט איבער די טאָלן, אַף די בערג, אין די קיבוצים, דערפער און נעבן ים. און אַנטקעגן אים שלאָגט ווי פון קוואַלן אַ נייַ אידיש לעבן.

## אינדרויסען

חייה האָט געצויגן דעם פּרעס־אייזן זיצנדיק אויפן גאַנעק. זי האָט געכאַפּט אַ בליק אַף איר קינד, וואָס איז געשטאַנען אין פיר־קאַנטיקן קעסטל מיט שטאַכעטן. דאָס זונעלע האָט געוואַגט מאַכן שיכור׳ע טריטלעך. זי האָט די געפּרעסטע העמד אַראָפּגענומען פון טיש, געהאַלטן אין דער לופטן:

— דוד, פאַרגעס נישט אָנצוטאָן מאָרגן פרי דאָס העמד!

דוד האָט געהאַלטן אַ גומענע קישקע און געשפּריצט וואַסער אין די קיילעכדיקע פלאַכע גריבער. מען האָט באַשיינפּערלעך געזען: די ערד ציט איין ווי אַ טרוקענער שוואָם די וואַסערן. די יונגע ביימער האָבן זיך אויסגעגלייכט. אַף די ציטערדיקע בלעטלעך האָבן געשימערט טראָפּנס וואַסער. דער עלטערער זון איז געווען פאַרנומען מיט די הינער, וואָס זיינען אַראָפּגעשפּרונגען פון שטענגלעך — זיי האָבן דערהערט די קלאַנגען פון קערנער, האָבן פאַרנומען דעם פלאַסק פון וואַסער. זיי דערקאָנען זייער שפּייזער.

און שפּעטער האָט די קליינע משפּחה געגעסן איר אָוונט־מאָלצייט אונטערן פרייען הימל. די צייטונג איז געלעגן אָן אַ זייט, אָן איבערגעלייענטע. פון ראַדיאָ האָבן זיך געלאָזט הערן זיס־טרויעריקע אָריענטאַלישע ניגונים.

## אַ לעגענדאַרישע געשטאַלט

ווען רב נחומ׳צע איז אָנגעקומען אין ירושלים זיינען אים געקומען באַגעגענען פיל חסידים אין די טליתים. און ער רב נחומ׳צע איז געשטאַנען באַם כותל־מערבי מיט די הענט אויפן האַרצן. און זיינע ליפּן האָבן זיך קוים באַוועגט. און פון זיינע אויגן האָבן טרערן געררונען איבער זיין באָרד. דערנאָך האָט ער געזאָגט שלום צו די אידן. — איך בין אַף סניי געבאָרן... מיינע פיס טאָרן ניט שטיין אַף דער הייליקער ערד. באַלד האָבן אים די חסידים אויפגעהויבן אַף די הענט. — אידן איך וויל זען צפת! מיט מיינע אויגן, וואו דער ארי הקדוש האָט מגלה געווען אַלע הייליקע קברים פון די גרויסע צדיקים. און די אידן איינגעהילטע אין טליתים האָבן אים אַרויסגעטראָגן אַף די הענט פון ירושלים. פיר טעג האָבן זיי אים געטראָגן. און רב נחומ׳צע האָט ניט טועם געווען חוץ פון אַ קליין פלעשעלע האָט ער אויפן גומען אַראָפּגעלאָזן טראָפּנס פונם אַלטן וויין...

# געשטאַלטן

אין צפת! איז ער אַוועק צו דער מקוה פון ארי הקדוש זיך זיבן מאָל געטובל׳ט. און פון דאָרטן אַ ציכטיקער, אַ דורכזיכטיקער איז ער געגאַנגען צו דער אַלטער שול פון ארי הקדוש. באַם אַריינגאַנג צעוויקלט פון אַ פעקעלע גרינגע ריינע פאַנטאָפל. ניט געוואָלט האָבן די גלות שטויבן אויף זיינע שיך... אַרויס איז ער אַ געענדערטער. מער ניט גערעדט צו קיינעם. זיין צונג זאָל ניט געשטרויכלט ווערן חלילה מיט אַ שווער וואָרט... ער איז געזעסן טאָג און נאַכט אין דער שול פון ארי הקדוש איבער קבלה ספרים. און ווען ער איז אַרויס אינדרויסן האָבן אים צוויי חסידים געפירט. ער האָט געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן ניט צו זען חלילה אַ פרויען געשטאַלט... —

און ווען ער איז נסתלק געוואָרן, האָט פון דער אייביקער אַרי הקדוש׳ס שטוב אַרויסגעזעצט אַ פלאַם. אין דעם פלאַם האָט מען געזען אַ גאָלדענעם רייטוואָגן, וואו רב נחומ׳צע איז געזעסן אויס־געשטראַלט...

# נגב־לאַנד

## באר־שבע

באר־שבע! — כ׳האָב דיך שוין געזען אַלט זייענדיק זעקס יאָר אין דער ליטע. מיין רבי האָט מיר אין חומש געוויזן די שטאָט, וואו אונזער עלטער־עלטער־זיידע אברהם האָט געגראָבן אַ ברונעם. איצט, מיט 40 יאָר שפּעטער, האָב איך מיט מיינע הענט אָנגעטאַפּט דיינע הייסע זאַמדן; איצט האָב איך געטראָטן דורך דער אַלטער שטאָט און אַ איד פון תימן האָט מיך פאַר דער האַנט געהאַלטן.

איך האָב געקוקט אויפן נגב־לאַנד וואָס ציט זיך צום ים־סוף און כ׳האָב אין מיין דמיון געזען ווי משה רבנו פירט די אידן דורכן מדבר — איך האָב געזען דעם עמוד־האש און דעם עמוד־הענן.

און איך האָב געזען די נייע אידישע ישובים, די קיבוצים אויף די ברייטע נגב־פעלדער. און איך האָב צוגעלייגט מיין פּנים צו דער אידישער אויסגעבענקטער ערד...

## פינף אינדן

אונזער אויטאָ הוידעט זיך איבערן נגב־לאַנד. דורך די פענצ־טער שווימט דער הימל. עס דרייען זיך בערג פון זאַמד אויסגע־קנייטשטע פון רעגנס, ווינטן, פון גאָט׳ס פינגער...

מען זעט די טייוול־גראָזן וועלכע בינדן דעם זאַמד. די גראָזן זיינען האַרטע, נידעריק געדעקטע — זיי טראָגן אויף זיך האַרטע רויע קאָלירן. ווינטן אָפּגעבונדענע ווירבלען די זאַמדן. און דינער שטויב ווי מעל, שלאָגט אין די פענצטער. און דער מדבר הויערט פון אַלע צייטן...

מיט אַמאָל האָבן זיך באַוויזן פינף יונגע אינדן; מיט זייערע דינע פיס האָבן זיי גאַלאָפּירט שלאַנק און שטאָלץ, אַרומגעהילט מיט אויפגעהויבענעם שטויב ווי מיט רויך.

נגב־לאַנד

די פינף יונגע, ברוינע אינדן האָבן אָנגעצירט די וויסטעניש מיט לעבן...

## אַ גרינער פּאַס ערד

מיר פאָרן און פאָרן דורכן נגב־לאַנד אין מורא׳דיקן ים פון זאַמד. ניט קיין פויגל, ניט קיין קול.

די בערג און טאָלן זיינען צוזאַמענגעגאָסן ווי כוואַליעס אין ים. און דער אויטאָ וואָס וויגט זיך, קרעכצט ווי אַ שיף.

פלוצים — אַ דינער זייל שטויב. עס זיינען אָנגעפאָרן אידן מיט געצייג. מיר האָבן זיך באַגריסט, צעזעגנט: שלום! שלום!

און דער מדבר איז ווי איינגעלאָפן מילדער און היימישער...

און ווי פון דער לופט האָט אַ פאָן אַרויסגעפלאַטערט — די ווייס־בלויע פאָן מיטן מגן דוד. און אַ פּאָר הייזלעך בלישטשען קעגן זון. און עטלעכע אידן זיצן אויף די קאָקושקעס מיט ברייטע קאַפּעליושן אויף די קעפּ. און אַ גרינער פּאַס ערד ברענט אינמיטן זאַמדיקן ים...

## פּרייוויליקע שילער

ביי דער געביידע פון דער גימנאַזיע זיינען זיי געשטאַנען, בחורים און מיידלעך, זייער געפּעק אויסגעלייגטע אויפן זאַמד.

און ווען די צוויי אויטאָס זיינען צוגעפאָרן, האָבן זיי זיך אַ שאָט געטאָן מיט אַ הילכעריי און, ווי קאָמעדיאַנטן, די פּעק צעלייגט אויף די פּלייצעס. און ווען די אויטאָס, פול געפּאַקטע, האָבן זיך צערוישט, האָבן פיל הענט געפאָכעט פון די אָפענע פענצטער צו די לערער.

די שילער און שילערינס קענען גוט זייער קליין יונג לאַנד. זיי האָבן אויסגערופן אין יובל־געשרייען יעדן נייעם ישוב און קיבוץ...

און ווען די אויטאָס זיינען אַרויסגעפאָרן פון באר־שבע אין נגב־לאַנד, האָט מען נאָך געזען בעדואינער אויף קעמלען מיט גלעק־לעך; זיי האָבן זיך געוויגט ווי אויף כוואַליעס. זייערע שוואַרצע קליידער און טונקעלע פּנים׳ער האָבן זיך ווי געשאָטנט איבערן ליכטיקן זאַמד.

און ווען די ריזיקע שטחים האָבן זיך גרויזאַם צעעפנט און פאַנאַנדערגעוויקלט, האָט מען מער ניט געהערט ווי די אויטאָס רוישן און קרעכצן. די פרייוויליקע יונגע בחורים און מיידלעך האָבן פאַר־זונגען מיט נייע בונטע, בויענדיקע לידער: מיר גייען בויען! מיר גייען בויען אַ נייעם פּונקט אין נגב!

## זיג אין מדבר

אַ נייער קיבוץ אין נגב־לאַנד. אינמיטן וויסטעניש שטייען אויסגעגליטע ווייסע הייזער. זיי זעען אויס ווי פאַרזייטע מיט עקשנות און גבורה. און עס ציען זיך געפלאַסטערטע שמאָלע צעמענטענע וועגן. אין בונטע קאָלירן נויגן זיך בלומען. און עס קרייען הענער אינמיטן מדבר. און טראַקטאָרן שפּאַצירן אויף ברייטע געבראָכענע קייטן. און איבער די שמאָלע געדרייטע עטלעכע וועגן, וואָס שניידן זיך באַצווינגנדיק דורכן זאַמדיקן ים, זעט מען טעלעגראַף־סלופּעס מיט דראָטן פאַרצויגן. אַרום איין סלופּ דראַפּעט זיך אַ דיקע מדבר־פלאַנץ, וואָס זעט אויס אַנמעכטיק קעגן דעם סלופּ מיט די אָנגע־צויגענע דראָטן — דעם סימן פון נייעם מענטשלעכן ישוב.

## ווי דער ים וואָלט אַנטלאָפן...

אַ שמאָלע שערענגע אָנגעפּאַרענע געסט שטייען אויפן פּלי־פעלד אין אילת. און דער שטאָלענער פויגל מיטן לאַנגן עק און ברייטע פליגלען גלאַנצן קעגן דער זון. עטלעכע יונגע בחורים האָבן פאַרלייגט אַ טרעפּ־לייטערל צו דער טיר פון עראָפּלאַן. מיר זיינען איינציקווייז אַריינגעשטיגן אינעווייניק...

## נגב־לאַנד

אַ ווײַלע אַרום האָט דער גרויסער פויגל זיך צעשריען. אויף זײַנע רעדער־פיס האָט ער זיך, אַ לאָז געטאָן איבער דער האַרטער ערד, ווי ער וואָלט אויסגעקוקט די געגנט און אויסגעפּרובירט זײַן גבורה. און מיטאַמאָל איז די ערד ווי אַנטלאָפן פון אונטער זײַנע פיס. דער פויגל פליט! — האָבן מיר זיך צעזונגען.

און דער מדבר אונטן ווי אַ ים, וואָס זײַנע וואַסערן זײַנען אַנטלאָפן.

עס זײַנען געבליבן די זאַמדיקע גרונטן. הימל און זאַמד און אַ שטאָלענער, שוועבנדיקער אָדלער מיט אַ מגן־דוד אויפן האַלז.

## אַן ערד ציטערניש

אינמיטן נאַכט האָט זיך מיין בעט אויפגעהויבן; דער ים האָט זיך איבער מיר איבערגעגאָסן. די וואָלקנס האָבן זיך צעשפּאָלטן און געוויזן נאַקעטע אַלע זיבן הימלען. די ערד האָט זיך אַ וויג געטאָן ווי אָפּגעריסן פון אירע אַקסן און זיך אויסגעמישט מיט די פּלאַנעטן...

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, אָנגעצונדן ליכט און געזען, אַז מיין היים האָט אַלע ווענט, דער דאַך איבער זיי, אָנגעטאָן ווי אַ שווער היטל...

און ווי שטערן אין הימל, די פייערלעך פון חיפה — האָב איך שטיל תפילה געטאָן צום גאָט פון ישראל...

## אַ ניי דאָרף

אין גליל העליון, צווישן שפּיציקע צעלעכערטע פעלזן, האָבן זיך באַזעצט נייע תימנ׳ער עולים. זייערע רויטע הייזלעך דראַפּען זיך אויף די שיפּועים פון די בערג — רויט־געפאַרבטע, ווי דער פּורפּור־וואָל פון חומש. איבער זייערע אָפענע פענצטער ווייען קאָלירפולע פאָרהענגלעך. לעבן זייערע אָפענע טירן זיינען אויסגעשאָטן, ווי אַרבעס, טונקעלע קינדער. מיט זייערע וואַרעמע יונגע טיף־שוואַרצע אויגן מאַכן זיי ווייכער די ווילדערניש...

און צוויי ווייסע ציגן שטייען הויך אויף אַ פעלז, ווי זיי וואָלטן אַרויסגעשפּרונגען פון אַ צויבער־משעה׳לע...

## ווינטן אין מדבר

דער מדבר איז געשלאָפן אויסגעגליט, צעשפּרייט. סיי די ווילדע גראָזן, סיי די זאַמדן האָבן זיך ניט גערירט. און די בערג זיינען געשטאַנען אויסגעשאָטן, אויסגעשיינטע, ווי פון מעליקן צוקער. אַ זעמדל האָט זיך ניט אַראָפּגעשאַרט.

פּלוצים האָבן די ווילדע מדבר בוימלעך זיך לייכט אַ וועק געטאָן, זיך צעשושקעט. און די אויבערשטע לייכטע זאַמדן האָבן זיך נידעריק אויפגעהויבן, ווי רויכלעך זיינען זיי אויפגעגאַנגען.

נייך, דאָס לייכט ווינטל, האָט זיך אויפגענומען מיט נאָך ווינטלעך; — זיי האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן און עס האָט אָנגעהויבן ווילד זינגען און טראָגן די זאַמדן. און די זאַמדן מיט די ווילדע פלאַנצן און ווינטן, האָבן זיך אויפגענומען אין אַ ווילדן געשריי. און אַלע אָנגעשאָטענע בערג האָבן זיך אָנגעצונדן ווי מזבחות...

## באַם ים סוף

אין אילת רוט דער ים־סוף אַן איינגעצאַמטער — מען זעט זיינע ברעגן. די וואַסערן זיינען דורכזיכטיק. און מען זעט פיל־פאַרביקע שטיינדלעך. און איבער דעם אויסגוס פון ים זעט מען פישער־שיפלעך און מען הערט די אָפּקלינגנדיקע קלעפּ, אידן בויען... און פוןביידע זייטן הויערן זאַמדיקע בערג. הינטער די בערג ליגן שכנות׳דיקע לענדער צו ישראל. און די אייביקע לעגענדע: משה האָט געשפּאָלטן דעם ים און געפירט די אידן דורכן מדבר, ווערט לעבעדיק און אָנגעשטראַלט...

## געלייגט דעם פונדאַמענט

אַ מחנה אַרבעטער זיינען אָנגעפלויגן אויף ליסאָפּעטלעך. זיי האָבן אָנגעוואָרפן די רעקלעך אויף די קופּעס שטיינער. און מיט רידלען האָבן זיי דעם זאַמד געשניטן, געהורבעט.
און ביז מיטאָג זיינען זיי שוין געשטאַנען האַלב אין אויפגע־גראָבענעם באָדן...
און סילווערס פּרוי מיט די טעכטער, האָבן די ערשטע ווינקל שטיינער געלייגט. און אַלע אַרבעטער האָבן זיך צעזעצט אויף ברעטער, אויף שטיינער — הויך האָבן זיי געהויבן די גלעזלעך מיט ליקער...
און די זון האָט געבלענדט אויף זיי. און הייסע וואונטשן האָבן זיך געטראָגן...

## חומש און תנ״ך לאַנדשאַפטן

אַרכעאָלאָגן זוכן אַרום אברהם אבינו׳ס האַק, מיט וועלכער ער האָט צעשמעטערט די געצן... יצחק! דיין עקדה האָט דורך אַלע דורות געפלאַקערט...
אין דעם קבוץ אשדות־יעקב פּאַשען זיך נאָך די שעפּסן וואָס יעקב אבינו, האָט זיי געמאַכט זיך פּאַרקוקן אויף די געשניצטע שטע־קלעך. און רחל היט די וועגן פון ישראל. און משה רבנו וואַכט אַרום ישראל. און אין ווייט פאַרגאַנגענעם דורות׳דיקן שלאָף פּירט יהשוע בן נון די אידישע לעגיאָנען... אין די שטילע מילדע ווינטן איבער ישראל, הערט מען דוד המלכ׳ס פידעלע. און די הייליקע וואַנט פון בית המקדש שטייט אינמיטן ירושלים. און די ביינער פון יוסף הצדיק — און די ביינער פון דאָקטער הערצל האָט מען גע־בראַכט צו דער אויסגעבענקטער ישראל־ערד. און דער גייסט פון די נביאים נידערט צוריק אַראָפּ אויף די הרי ציון...

# אַן אָרעמע חתונה

אינם צימערל זיצן די געסט געפּראַפּט באַ צונויפגעקלאַפּטע טישן. אין אַ ווינקל זיצט דער פּייקלער. און אַ יונגערמאַן מיט אַ האַרמאַניקע ברייט צעצויגן אַף זיין ברוסט. און די קינדערלעך טוליען זיך צו די מאַמעס. — מען רויכערט, מען טרינקט...

און אַז די מוזיק האָט אַ שפּיל געטאָן — האָט זיך באַוויזן אַ פּאָרל אַרומגענומען. זי אַ שוואַנגערע. ער מיט אויסגעברענטע בומערן אַף די הענט... און געטאַנצט האָבן זיי לייכט, פאַרליבטע ווי טויבן... —

און דער חתן וואָס האָט פאַרלאָרן זיין ווייב מיט פינף קינדער אין די לאַגערן. איז געזעסן אַרומגענומען מיט זיין ניי ווייב און צוויי קינדער...

ער איז געווען פאַרטראַכט פון זיין ניי לעבן אין ניים לאַנד ישראל...

# די מאַמע איז אויך דער טאַטע

סאָניע האָט זיך אַראָפּגעשלייכט פון דער הויכער בעט אַריינ־געטאָן די פיס אין שטעק־שיכלעך. זי האָט אַ קוק געטאָן אַף די צוויי קינדער, וואָס זיינען געשלאָפן פּנים צו פּנים, ווי זיי וואָלטן זיך געקושט... און דאָס פּיצעלע וואָס איז געשלאָפן באַזונדער אין אַ בעטל — ער איז געלעגן אויפן בויך. די הענטלעך אַרויסגעשטעקט, מיט די פינגערלעך צענומען. —

שלאָפט מיינע זינעלעך! אייער יונגער טאַטע האָט זיין לעבן אַוועקגעגעבן פאַר אונזער לאַנד!...

זי האָט זיך געוואַשן, געקאַמט קעגן שפּיגל. און באַלד זײַנען שוין די צוויי נאַפּט־מאַשינקעס געווען אָנגעצונדן. דער עלטערער זון האָט זיך געוועקט מיטן ערשטן וואָרט אין זײַן מויל: אמה! — זי האָט אים צוגעטראָגן געפּרעסטע הויזן און אַ סוועטער, געפּוצטע שיך. אויך דעם לעדערנעם טאַש. — ס'איז שפּעט יצחק! אײַל זיך צו אין שול. אויך דער זעקס יאָריקער האָט אויפגעשפּרונגען, אויפגעזונגען. זי האָט אים אַרויסגענומען פון בעט אַ וואַרעמען, אַ לויטערן, און די יונגע מאַמע איז געווען צעטראָגן, פאַרזאָרגט פונם שווערן יאָך... און אויך מונטער און פול מיט האָפענונגען פאַר די זין וואָס האָדעווען זיך און וואַקסן אין אייגן לאַנד ישראל...

## אַ פאַרוואונדעט קינד

אין קופּת־חולים האָט זיך אָן טיר צום דאָקטאָר אַ יונגע מאַמע אָנגעשלאָגן, ווי אַ פאַרוואונדעטער פויגל מיט אַ פאַר'חלש'ט קינד. — אַ שוועסטער האָט זיך באַוויזן אין ווײַסן אָנגעטאָן. זי האָט דאָס קינד אַרויסגענומען פון דער מאַמעס הענט. און די טיר פאַרשלאָסן הינטער דער ציטערנדיקער מוטער. — אַ ווײַל איז געווען שטיל... דערנאָך האָט די יונגע מאַמע פאַרנומען איר קינדס שרײַען. איר קינדס פאַרגיין זיך... עס האָט איר געשניטן דאָס האַרץ. עס האָט איר אויך געפּרייט — זי הערט כאָטש אַ קול... — זי איז געבליבן זיצן ווי אין הינער־פּלעט... שפּעטער האָט זיך ברייט געעפנט די טיר. און די שוועסטער מיטן דאָקטאָר זײַנען אַרויס. דאָס קינד אָף דער שוועסטערס הענט צוגעטוליעט מיט אַ באַנדאַזשירטן קאָפּ. און דאָס פּנימ'ל אָן אָפּגעוואַשנס, האָט געשמייכלט צו זײַן אויפגעוואַכטער מאַמען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

## דאַס בלוי צימערל

אויפן העכסטן באַרג אין מיראָן אין אַ קליין בלוי־צימערל ליגן די אָפּצייכנונגען פון די פרומע סאָלדאַטן, וואָס האָבן אויסגע־לייזט מיראָן. עס ליגט אונטער גלאָז אַ שופר אויסגעדרייט מיט איידעלע קאַרבן און פון אָפּענעם מויל פאַרשטומט די שאַלונג...
עס שטייט אַ קליינער הילצערנער אָרון — די סאָלדאַטן צוזאַמען מיט כלי־זין, האָבן זיי מיטגענומען אַ ספר תורה אין אָרון. עס דערמאָנט ווען די אידן האָבן געטראָגן דעם אָרון קעגן די פּלשתים...
עס הענגט אַ מנורה, וואָס אַ סאָלדאַט האָט עס אויסגעפורעמט, — עס דוכט ליכטער שיינען אויף פון די ליידיקע רערן. אויך אַ פּאָר תפילן אין אַ סאַמעטענעם זעקעלע, אויסגענייט מיט אַ מגן־דוד. — דורך די פענצטערלעך פונם צימערל קוקן אַריין די בערג אַרום. און אַלע אַרומגעוועבטע לעגענדעס פון די אַלטע הייליקע קברים — שפּינען זיך אינעם בלויען צימערל...

## אין דער אידישער פּאָטשט

אַ מאַן אָן אַ היטל אין בלויזן העמד פאַרקויפט מאַרקעס מיט אידישע סימבאָלן: אַ הענגל וויינטרויבן. אַ הירשל. אַ האַרפע. טייבעלעך. און אַ מגן דוד... דער הויפּט־באַאַמטער אין אַ יאַרמלקע. ער גיט אַרויס פּעקלעך געשיקטע פון די גלות־אידן...

דער עולם רעדט אַף אַלערליי שפּראַכן. מען קלאַפּט טעלע־גראַמעס. מען וואַרפט אַריין בריוו אין רויטן קאַסטן.

דער אידישער כתב זינגט אַראָפּ ווי נאָטן... בריוו־טרעגער קומען אַריין מיט רענצלעך, היטלען מיט דענקעס. און קינדער לויפן אַריין, אַרויס דורך דער ברייטער צעעפנטער טיר. אַף זייערע יונגע פּנים׳לעך רעדט אַראָפּ זייער ניי אייגן לאַנד ישראל...

# הר הערצל

מיר שטייגן דורך שמאָלע געדרייטע שטייניקע סטעזשקעס אויפֿן הר הערצל. אין דער גרויזאַמער פֿאַרשטיינערטער ערד שלאָפֿן אָף אייביק די אידישע קינדער פֿון „גוש עציון". זייערע ביינער ליגן צוזאַמענגעוואַקסן מיט די טויזנט יאָריקע שטיינער. די ווייסע ברעט־לעך מיט זייערע הייליקע נעמען זיינען אין שורות געקלעטערטע ווי אָף טעראַסן.

און נאָך העכער אַרומגענומען מיט בלימלעך — רוט חנה סענעש! די בלימלעך זיינען רויטע, ווי פֿון אירע הייסע טראָפּנס בלוט באַפֿאַרבטע...

און אויפֿן סאַמע שפּיץ באַרג איז דאָקטאָר הערצלס אייביקע היים... לאַנג זיינען זיינע ביינער געלעגן אין פֿרעמדער ערד...

זיין אייביקע היים אין אַ צירקל, מיט נידעריקע סלופּקעס און קייטן פֿון אייזן. ניין, ס'איז ניט קיין אייזערנע רינגען! עס זיינען די רינגען פֿון דער אידישער גאָלדענער קייט דורך די דורות...

# אין באַן

אין פֿרימאָרגן איז שוין די אידישע באַן אַ געשפּאַנטע מיט צען וואַגאָנען געשטאַנען אין ירושלים לעבן הר ציון. און די פּאַסאַ־זשירן פֿרומע אידן אין ווייכע קאַפּעליושן, יונגע פֿרויען מיט קינדער. און אַ גאַנצער קבוץ מיידלעך און אינגלעך אין בלויע בלוזקעס מיט פּעקלעך אָף די פּלייצעס, — זיי פֿאָרן אָף אַ שפּאַציר איבער דער לענג פֿון לאַנד... און סאָלדאַטן אָן געווער, בלויז גרינע קליידער — אָף די ווייכע היטלען אידישע עמבלעמען...

## נגב־לאַנד

די באַן האָט געפּייפט, גערירט. און ירושלים איז פאַרשטעלט געוואָרן פון אָנקומענדיקע בערג — האָבן די קבוצניקעס אויפגע־זונגען. די פרומע אידן האָבן געקוקט אין ספרים. די סאָלדאַטן האָבן העפטיק גערויכערט; זיי האָבן אַרויסגעקוקט דורך די פענצטער. זיי האָבן געקוקט אויף דער אויסגעקעמפטער ערד...

די קאָנדוקטאָרן, מאַשיניסטן, אינזשינערן — אַלע אידן. אַלע שיכטן פון אַלטן פאָלק פאָרן מיט דער אידישער באַן אין נייעם בויענדיקן לאַנד...

# ישראל

שיפן, עראָפּלאַנען פירן אידן צו דיינע ברעגן. און דו דאָס לאַנד פון די אבות, נביאים, נעמסט זיי אַריין אין דיין וואַרעמען שויס.

די נייע עולים שטעלן אויף פּאַלאַטקעס מיט אָנגעצויגענע לייוונטן, זיי קוקן אויס ווי זעגל־שיפן אויפן זאַמדיקן ים... און זיי גייען אַרויס מיט רידלען — זיי גראָבן זיך טיף איין אין באָדן. און זיי פלאַנצן די ערשטע דינע בוימעלעך. זיי טראָגן קאַנען וואַסער. און זיי גיסן אָף די פריש פאַרזעצטע פלאַנצן. און זיי מעסטן די ערד מיט שנורן — דאָ וועט זיין מיין ווינקל! מיין גאָרטן! מיין היים! — פאַר מיין ווייב, קינדער, אין אייגענעם לאַנד ישראל!...

# קאָנטראַסטן

אין מאה־שערים גייען אידן געהילטע אין טלתים. און אין כנסת זיצן אידן אָן היטלען. אָף די פעלדער אַקערן אידן מיט טראַקטאָרן. און אַראַבער אַקערן ווי פון חומש פאַרבאָטן: — אָן

אייזל געשפּאַנט מיט אַן אָקס. און מיט אַ הילצערנעם צאָן, רייסן זיי די שטיינערנע ערד... נצרת ליגט ווי אויסגעהאַקט פון די בערג. און אַלטע קלויסטערס שטאַרצן...

און אַראַבער רייטן אַף אייזעלעך אין די גאַסן. און אויך מאַשינען רייסן די צוויי טויזנט יאָריקע שטילקייט... אין תּל־אביב, וואו עס שפּילן טעאַטערס — און אין די גאַסן קאָכן פון אויטאָבוסן, טאַק־סעס און מאָטאָרציקלען — קרייען אויך הענער, אייזלען שרייען...

און איבער די אידישע מאַרקעס, געלט, זינגען אַראָפּ דריי שפּראַכן. און אַרום דאָס אידיש־לאַנד רינגלען זיבן גרענעצן...

אינם קליינעם לאַנד זיינען אי דאָ בערג און טאָלן, מדבר און ים.

און אידן פון אַלע לענדער שטאַרקן די אידישע פאָן!...

# שענער

שיין איז דער טייך ווען די וואַסערן שפּילן אין ווינט מיט נגונים. אָבער שענער איז דער באַרג לעבן טייך אין זיינע ווילדע פאָרמען —

פיל שענער זיינען די מירמלשטיינערנע קאָלאָנעס אויפן שפּיץ באַרג מיטן מעטאַלענעם גלאָק. — ניין, שענער זיינען די קלאַנגען... זיי רופן אַרויס ווידער־קולות אין די פעלדער. —

אַ סך שענער זיינען די שאָטנס וואָס שפּרייטן זיך איבער די גראָזן פון די שוועבנדיקע פויגל. — פון די שאָטנס כאַפּן זיך אויף די פליגעלעך אין די גראָזן, די מוראַשקעס.

און די דינע גראָז־איינוואוינער פון פעלד ציטערן ווי אין תפילה...

## איטשע מיטן לאַנגן נאָז

גאָט האָט אים באַשאַפן מיט אַ לאַנגן נאָז מען זאָל אים פירן.
אַ שמחה אָן איטשען — ווי אַ חתונה אָן כלי זמרים... מיט איטשען קען מען אַ סך פייערן פאַרשאַרן...
ער וועט אַלט ווערן הונדערט יאָר, וועלן אים קינדער שטאַרק ליב האָבן. ער וועט זיין זייער אַ געשמאַקער, נאַרישער אַלטיטשקער...

## דער אידישיסט

ער האָט זיך דורכגעוואַלגערט לענדער. געשוואַרצט גרענעצן.
— אומעטום געפונען אַן אַלטע אידישע צייטונג, אַ ביכל אָן טאָוולען, צי אַ איד, וואָס ער האָט זיך אויפגערעדט אין מאַמע־לשון... וועער רעדט געטראַכט האָט ער אין אידיש...
— און כדי די שפּראַך אויפצוהאַלטן — האָט ער געשריבן טאָג־ביכער, סצענקעס און בילדלעך. — כדי צווישן אַזאַ פרעמדער גרויסער וועלט, וואו ער איז פאַרטראָגן געוואָרן מיט אַרמייען — אָפּצוהיטן זיין מאַמע־לשון...
און ווען די גרויסע בשורה איז געקומען: — ישראל־לאַנד!
ער האָט ניט געגעסן און ניט געשלאָפן כמעט... ער איז געשטאַנען אין לאַנגע רייען באַ די קאָנסולאַטן. אַן אָנגעקליידטער מיט שטאָלץ פאַר זיין אַלטער אומה... אויך שטאָלצירט: ער איז געבליבן צווישן אַזעלכע שטאַרקע פרעמדע שטראָמען אָפּגעהיט ווי אַ איד, מיט זיין מאַמע־לשון אין האַרץ. און מיטן פולן טעם אויפן צונג...
און נאָך לאַנגע וואָגלענישן, האָט ער זיך צוגעשלאָגן צו די ברעגן פון ישראל! און ער האָט זיך פאַרוואונדערט און זיך ניט געגלויבט — ווען ער האָט געהערט מען רעדט ניט קיין אידיש...

און ער איז צוגעגאַנגען צו די קינדערלעך אין גאַס און צו זיי
גערעדט, האָבן זיי אים ווילד אָנגעקוקט — און צעלאָפן מיט זייערע
ווילדע געלעכטערס...

# רושטאָוואַניעס און רעדער

וואו איך גיי און פאָר איבער ישראל — זע איך רושטאָוואַניעס
און וואַקסנדיקע הייזער. און אידן פאַרמעליקטע פון וואַפנע, פאַר־
ליימעקטע מיט רידלען און האַמערס. און זודיקער פעך שמעקט
איבער די וועגן. און שטיינער געהאַקטע, געבראָקטע, ליגן אָנגע־
פירטע אין הורבעס. און אַף די רושטאָוואַניעס קלעטערן אויך קינ־
דער, ווי קונצן־מאַכער... פון דער הויך זעען זיי זייער לאַנד
ווייטער...

און דאָס גאַנצע לאַנד איז אַף רעדער — טראָקס טאַקסעס,
מאָטאָציקלעטקעס. און אַף ליסאַפעטלעך טראָגן זיך אינגלעך, מייד־
לעך און ווייבער. זיי קירעווען זיך אויף די פיל נייע אויסגעפלאַס־
טערטע וועגן.

און עס זינגט און שאַלט די אַרבעט איבערן גאַנצן לאַנד...

# שטעט און דערפער

## ירושלים

די פעלקער וואָס האָבן דיך באַלאַגערט, געשטויסן דיינע מויערן מיט אייזערנע באַראַנעס — זיינען שוין לאַנג פאַרגאַנגען. אונטער דיינע אַלטע בערג ליגט פאַרשאָטן זייערע אָפּגעטער, טעמפּלען. אַלע קרייץ־צוגן האָבן זיך געצויגן צו דיר הייליקע שטאָט ירושלים! זיי זיינען געבליבן אין בלוטיקע בלעטער פון דער אידישער גע־שיכטע. איבער צוויי טויזנט יאָר האָסטו געוואַרט אויף דיין אַלט פאָלק וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אויפן פנים פון דער ערד. די פלאַמיקע רייד פון די נביאים האָבן דיך יונג געהאַלטן.

נאָך צוויי טויזנט יאָר, בין איך אַ זון פון אידישן פאָלק געקומען דיך זען. טאָג נאָך טאָג, בין איך געגאַנגען צופוס אף דיינע בערג און געזען ווי עס זאַמלט זיך צוריק דיין פאָלק, וואָס האָט דיך קיינמאָל ניט פאַרגעסן... זיי זיינען געקומען אף פליגל צעפליען. פון הימלען אַראָפּגעלאָזן אף דיין ערד. זיי וועלן דיך אף ס׳ניי אויס־זינגען. זיי וועלן דיך אויסטורעמען צו דער וועלט מיט דעם גייסט פון די נביאים...

## ירושלים

ירושלים! — ירושלים די באַזונגענע אויסגעוויינטע און אויס־געבעטענע שטאָט פון די נביאים...

דער וועג צו ירושלים איז באַהאַלטן, לאַבירינטיש. און פאַר־שטעלט פון בערג. און אַ איד וואָס האָט ירושלים קיינמאָל ניט גע־זען איז אַנגעציטערט מיט פאַרכטיקייט...

און ווען די שטאָט גיט זיך אַ דעק אויף, — איז דאָס ווי איין גרויסער, אַלטער אידישער דענקמאָל, מיט אַלטע שטיינערנע בלע־טער געשיכטע...

מען שטעלט די ערשטע טריט אויף דער ערד פון ירושלים, ווערט מען ווי מיט מאַגנעטן צוגעצויגן... און מען גייט אין די גאַסן מיט דעם געפיל: — אויך מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק איז מען דאָ געווען...

ניט נאָר דאָס אַלטע פון גאָט באַשיצטע שטאָט איז געבליבן שטיין אף די בערג צעפליגלט. — נאָר דאָס אידיש־פאָלק איז גע־בליבן לעבן!...

דאָס אַלט פאָלק מיט אַלט ירושלים, זיינען די גרויסע צייכנס פון גאָטס השגחה...

## צפת

צפתער בערג שטייען זייטיק משופּה׳דיק. און די שטאָט צפת אַן אַרויפגעקלעטערטע, אַ קרומע, אַן אַראָפּיקע אין שמאָלע געס־לעך געדרייטע. — די קבלה און מיסטיק זיינען ווי שלייערס אויס־געשפּרייט איבער צפת! און די אייזעלעך קלייבן גיך די דראָבנע טריט און זיי שרייען ווילד אויף, ווי זיי וואָלטן געווען לייבן... זיי שרייען ווי פאַרשאָלטענע פון בלעמ׳ען...

און אין די קרומע געסלעך, וואו די לבנה הענגט אויף די ווענט, האָבן זיך פאַרקליבן אידישע מאָלערס. — זיי פאַרבן אַריין די אַלטע פּרוחת׳ן. די שטילע אויסגעשטיקטע מענטלעך אף די פאַרמעטענע ספר־תורות. און די אַלטע שולן אין צפת דרימלען מיט שווערע פאַרצייטיקע לעגענדעס פון זייערע מקובלים...

## כפר־סבא פאַרטאָג

איבערן גרויסן אויסגעשפרייטן דאָרף, בלייכט דער פאַר־טאָגיקער הימל. דער דאָרפישער אָרקעסטער איז אין פולן שפּיל: הענער קרייען. הינט בילן. אייזלען שרייען. זיי וועקן די אידישע פויערים צו די פרדסים און פעלדער. באַלד בייטן זיך די שטימען: די קי מוקען — זיי קרעכצן אָפּ ווען מען מעלקט זיי. און די הינער לויפן אין שטייגן נעגלדיק, אָנגעשטעלט די רויטע קאַמען.

די פויערים, — וויבער, מענער, גענעצן, ניסן, שרייען ווייך אף די שטוב בהמות, עופות: — נאַט פרעסט!

און די קינדערלעך שיטן זיך אין דרויסן יונגע, אויסגע־שלאָפענע, ווייכע גערויטלטע...

עס עפענען זיך די בלומען קעגן דער אויפגייענדיקער זון. ביי־נאַכט האָבן זיי געשלאָפן פאַרשלאָסן, פאַרנורעט... און ווינטלעך שאָרשקען די בוימער, ווי זיי ציילן די בלעטער... און בינען, מאָטילן, שוועבן, טיפן זיך אין אָפענע בליטן. און מוראַשקעלעך גייען אין שערענגעס — טאַשטשען שטרויעלעך, קייקלען אַ קערנדל...

און די פויגל געוואַשענע פון טוי זינגען, פאָכן מיט די פליגע־לעך פון איין בוים אויפן צווייטן...

און אַרבעטער באַווייזן זיך מיט רידלען, מיט דראָטן, מיט אַלערליי געצייגן... און מען הערט נגונים פון דאַוועגער...

און אַלע וועגן און שטעגן אין כפר סבא האָבן אויפגעזונגען אין גאָטס שאַפונג...

## טבריה

טבריה ליגט אַראָפּגעגליטשט אין טיפן טאָל, מיט שטיינערנע אַלטע געביידעס. אָבער די הייזער זיינען ווייס פאַרזוניקטע, ווי זיי וואָלטן געשמייכלט. און דער ים כנרת בלויט אף איר, פעכערט אַראָפּ די היץ. און אַרום קוקן די בערג פון לבנון, פון סיריע. זיי שפּיגלען

זיך אין אידישן ים כנרת... און פון די חמא־טבריה שלאָגט אַרויס פּאַרע פון דער ערד — ווי אַ שטענדיקער רויך וואָלט דאָרט גע־האָנגען...

אין די בעדער האָבן זיך געהיילט ישראל׳ס באַצווינגער. — די בייזע הערשער. אויך תנאים...

און איצט באָדט זיך דאָס פאָלק! זיי קומען פון גאַנצן לאַנד היילן קראַנקע גלידער. אויך טוריסטן פון ווייטע לענדער...

## הרי כרמל

דיינע בערג זיינען געשטאַנען פאַרוויסט. די רוימער האָבן אייערע צעדער־בוימער פאַרשניטן. די גריכן האָבן געצן אויסגע־האַקט פון אייערע שטיינער. די אַראַבישע סטאַדעס שאָף, האָבן אָפּגע־גריזשעט די גראָזן. איר זענט לאַנג געשטאַנען נאַקעט בלויז! אייערע שטיינער, האָבן זיך געקייקלט אין די טאָלן. — איצט זיינען געקומען דיינע פאַרבענקטע זין און טעכטער. זיי האָבן אויסגעשניטן וועגן אין די פעלזן. זיי האָבן פאַרפלאַנצט וועלדער, דאָס גאַנצע באַרגיק־לאַנד גרינט צוריק. פויגל זינגען. בלומען דופטן. קינדער הילכן. נייע שיכונים וואַקסן אויס „ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן״. זיי שטייען אָף די בערג ווי אויסגעהאַקטע פון סקולפּטאָרן. איין שכונה הייסט „די טאָכטער פון די וועלן!״ דאָס צווייטע פון די אַלטע איינוואוינער. דאָס דריטע פאַר סאָלדאַטן וואָס האָבן געקעמפט פאַר זייער לאַנד...

און ביינאַכט רוישן די דראָטן פון טעלעגראַפן. עס רוישן אויטאָס אָף די נייע וועגן. דער ים רעדט מיט אָנגעוויגטע אַנגעלויכטענע שיפן.

און דער גאַנצער כרמל ברענט אין מיליאָנען פייערלעך...

## שטעט און דערפער

### כפר וויטקין

איך האָב געזען די אידישע פּויערים אין פעלד מיט אַקערס, טראַקטאָרס, קאָסעס. זיי פאָרן צו די פעלדער אין גרינגע וועגעלעך אף גומענע רעדער. זייערע קליינע פערדלעך טראָגן לעדערנע ברילן, צוגעדעקט די שטערנס, זיי הירזשען אף די שמאָלע פעלד־וועגן.

איך האָב געזען די אידישע פּויערים אין די פּרדסים געבויגענע אונטער מאַראַנצן און ציטרוס־בוימער. — זיי קוקן אויס צוגע־וואַקסענע צו די שטאַמען אין געדיכטעניש פון בוימער... כ'האָב זיי געזען אין די שטאַלן מעלקנדיק די קי. — זיי זיצן אף די קאָקישקעס, אף נידעריקע בענקלעך. און די קי שמייסן זיי מיט די עקן, און די שטראָמען מילך זינגען אין די עמער.

איך האָב זיי געזען אין די לולן פון די הינער. די ווייסע הינער געדיכט אין מחנות באַגריסן די פּויערים מיט אַ סאַקאָטשען. זיי שאָקלען זייערע פּייערדיקע קאָמען. — און שפּעט ביינאַכט ווען די אידישע פּויערים שלאָפן זייער געזונטן שלאָף. — גייען איבערן שטילן דאָרף יעדע נאַכט אַ וואַך מיט ביקסן אף די אַקסל. זיי רינגלען די שטיבער, שטאַלן, לולן, — ביז די זון שפּאַלט די הימלען...

### חיפה

חיפה! — דיינע הייזער ווייסע, געלבע, פעסטע, גראָב גע־טינקעוועטע, מיט באַלקאָנען צום ים, צו די בערג פון כרמל. —

אין דיינע פענצטער שפּיגלט: מדבר, ים, בערג. אין דיינע פענצטער אָפענע קוקן אַרויס אידישע פרויען, מענער קינדער...

בייטאָג ביזטו אויסגעגליט, אויסגעשיילט ווי פון ביין. און עס דוכט דו קלעטערסט גלייך מיט דיינע איינוואוינער...

עס קלינגען אָפּ אין דיר קולות פון די בערג אַרום. אין דיין האַפן אַנקערן שיפן. די באַן פייפט פאַרביי ברעג ים...

און ביינאַכט ווערסטו ווי אַ לעגענדע, אַ מיראַזש מיט די פיל פייערן וואָס צינדן אַ שטיק ים.
חיפה! — דו ביזט די גוטע מאַמע וואָס נעמט אויף די אידן פון אַלע עקן וועלט...

## דאָס געזאַנג צו מיין לאַנד

זאָל זיין געבענטשט דער טאָג ווען איך האָב זיך אויפגעזעצט אויף דער שיף... יעדער טאָג פון זון אויפגאַנג, ביז איר פאַרגיין אויפן ים, — איז פאַר מיר געווען די טיפסטע רו. — שענסטער חלום.
די שיף וואָס האָט מיך געפירט צו ישראל, האָט ניט געפירט אַ קאַפּיטאַן! מאַטראָסן. — נאָר גאָט אַליין מיט זיינע מלאכים... און דער בייזער ים האָט זיך איינגעשטילט, פאַרשלאָסן זיינע טיפע גרונטן. און איך האָב זיך געוויגט, ווי אַף אַ ווייכער בעט...
און ווען איך האָב מיינע טריט געשטעלט אויף די זאַמדן, אַף די שטיינער פון ישראל. — זיינען אין מיר אויפגעגאַנגען נגונים ווי אין פסוק: — אַלע מיינע ביינער האָבן געזונגען...
און די מאַראַנצן, ציטרינען אתרוגים האָבן גערעדט מיט אידיש לשון.

## גרויסע פרייד

דאָס קליין ניי לאַנד ישראל, קאָכט מיט אַרבעט און בויאונג. אַלע נעמען פון חומש תנ״ך זינגען אַראָפּ... אַלע גאַסן זיינען אָנגעפליגלט מיט נעמען פון נביאים שריפטשטעלער, קעמפער. נייע דענקמאָלן הויבן זיך אַרויס איבער די וועגן. — זיי דערציילן: פון קדוש השם, פון גבורה, פון באַפרייאונג...

שטעט און דערפער

אַרום די נייע אויסגעבויטע שולן ווימלט מיט יונגע זין, טעכ־טרע. זיי קומען צופוס, אַף ליסאַפּעטלעך, אויטאָס. זיי פּאַרקלינגען דעם דרויסן מיט זייערע מונטערע יונגע שטימען... און אויף דער נאַכט ווען עס צינדן זיך די אידישע פענצטער. און די שטערן אין הימל. און אידן צוזעצן זיך אַף די גאַניקעס, באַלקאָנען, אין זייערע היימען, אַף זייער אייגן ערד — זינגט איין גרויסער פריידיקער נגון איבער ישראל...

## איך מעסט דאָס לאַנד

איך מעסט דאָס לאַנד צופוס און מיט מאַשינען. איך קען ניט באַגרייפן די פרייד און דעם נגון אין מיר. איך קען זיך ניט אָפּקוקן פון די שטרעקעס זאַמדן וואָס זיינען קלאָרנדיק, ווי טייכן וואָלטן זיי געוואַשן, הורבענדיק פון ווינטן און גליאיק פון דער זון. — און אויסגעשאָטן ברייט און ווייט פון גאָטס האַנט. און איך קען ניט אָפּמאָלן די בערג, די נאַקעטע מיט שטיינער, אַף שטיינער, אַריינגעוואַקסענע, אָפן דרויסנדיק. — גרויזאַם שיין, ווי די באַלאַדן פון די נביאים...

## אילת אין דער צוקונפט

דו גרויסע צוקונפטיקע אידישע שיינע שטאָט אילת! איך זע ווי דו שפּיגלסט זיך אין ים סוף מיט דיינע גרויסע מסחר־הייזער, הויך־שולן און ליכטיקע שיפן.

און די פעלקער וואָס ליגן אַרום די ברעגן פון אילת. — זיי קוקן אין די בייטאָגן אַף גרויסע שפּאַקטיוון... און אין די נעכט גייען זיי אַרויס אויף די בערג און קוקן אויפן ים מיט פייערן, וואָס די גרויסע נייע ברייט צעוואָרפענע שטאָט אילת שטראַלט אַרויס.

און די ווינטן פאַרטראָגן די נייע אידישע סימפאָניעס, וואָס ווערן אויסגעשפּילט אין אָפענעם דרויסן...

און פיל שיפן פון אַ סך פעלקער אַנקערן אין דיין פּאָרט. זיי קומען אָפּלערנען פונם אידישן פאָלק זייערע נייע קונסט מאָנומענטן. זייערע בונטע גערטנער. זייער אחדות... און זיי ברענגען מתנות: טעפּיכער אויסגעוועבטע מיט פלאַטערדיקע טויבן — סימבאָלן פון שלום... און וואָזעס מיט אויסגעברענטע הירשן.

און די שלוחים פון פעלקער פאַרברענגען אין אידיש־לאַנד פריי. זיי שפּאַצירן צווישן זקנים און קינדער. צווישן יונג־פרויען און מענער. און זיי פילן די פריינטשאַפט פון דעם הייס ליבנדיקן שלום־פאָלק...

## אין די גרויסע היצן

די זון איז געשטאַנען אויסגעבלאַנקט אינמיטן בלויען הימל. און ס׳האָט זיך ניט גערירט אַ פאַרהענגל פון די צעעפנטע פענצטער. אַרום די ווייסע הייזער וואָס זיינען געשטאַנען צעזייט איבער די אויסגעגליטע זאַמדן האָט מען ניט געזען אַ לעבעדיקן נפש. חוץ אַן אייזעלע ווי פון שטיין אויסגעהאַקט איז געשטאַנען פאַרגליווערט. — ניט אַ ציטער אף זיין פעל. די אָנגעשפּיצטע אויערן אָן אַ מינדסטן ריר. די פיס איינגעגראָבן אין זאַמד. און אונטער זיין קיילעכדיקן פוזאַטן בויך, וואָס האָט זיך אָפּגעשאָטנט אויפן גליאיקן זאַמד, איז געשטאַנען אַ האָן אויסגעשניצט ווי פון האָלץ מיט פאַרמאַכטע אויגן. — נאָר זיין רויטער קאַם האָט געוויזן ער לעבט...

## באַם ירדן

פון די ישראל בערג האָב איך אַראָפּגעקוקט אויפן גרינעם טאָל. פיל קבוצים זיינען געלעגן צעזייט. ווייסע הייזער. בלויער

הימל. גרינע פעלדער. און דער ירדן־טייך טראָגט אימפּעטיק זיינע קלאָרע וואַסערן דורכגענומען מיט זון בלויען הימל.

און ווען איך בין אַראָפּ אין טאָל און געשטאַנען באַם ברעג פון אַלטן חומש טייך וואָס דרייט זיך ווערט ווייט... און צוריק נאָענט. — ווי אונזער אַלטע געשיכטע וואָס איז ווייט... — און צוריק נאָענט געוואָרן...

## איך בין דער עדות

מיינע עלטער, עלטער, עלטער זיידעס, האָבן פון מצרים גע־צויגן דורכן מדבר, געפירטע פון משה׳ן צו זייער צוגעזאָגטן לאַנד...

— זיי האָבן דאָס לאַנד אַ נאָמען געגעבן ארץ־ישראל! — זיי האָבן דאָס לאַנד פאַרפלאַנצט מיט וויינגערטנער, מיט צעדערן און טענענ־בוימער. און זיי האָבן אויסגעבויט אַ בית המקדש גאָט צו דינען. אין די מערק פון ירושלים האָבן אידישע בחורים און מיידלעך געטאַנצט און זיך מתחתן געווען. און אינם לאַנד האָט געריזנען מילך און האָניג. און יעדער איד איז געזעסן אונטער זיין פייגנבוים...

און די פעלקער אַרום האָבן געלאָקערט צו דעם פאָלק ישראל. דאָס פאָלק וואָס האָט גאָט דערקאָנט. זיין תורה געהיט... — און גרויסע נביאים זיינען אויפגעשטאַנען געלערנט און געשטראָפט דאָס פאָלק: — איר זענט זאַט און פעט געוואָרן, איר שאַנעוועט ניט דעם יתום. איר פאַלשעוועט די וואָג. און איר האָט ניט קיין רחמנות אויפן אָרעמאַן. און איר העלפט ניט די אלמנה. — און אַ גרויס פאָלק האָט זיך אַראָפּגעלאָזן ווי שווערע וואָלקנס אויפן לאַנד. — חרוב געמאַכט דעם בית־המקדש. געקוילעט אין די גאַסן פון ירושלים יונגע אידישע זין און טעכטער. די איבעריקע פאַרטריבן אין גלות.

און אַ צווייטן מאָל האָט דאָס לאַנד געקרעכצט פון די רוימער! און איין וואַנט פון בית המקדש איז געבליבן אַלט און שטאַרק — זיך דערוואַרט אף די ישראל קינדער. — נאָך צוויי טויזנט יאָר זיינען

זיי געקומען אַרבן דאָס לאַנד. איצט אַף שטענדיק, אַף אַלע דורות.
— און איך בין דער צוויי טויזנט יאָריקער עדות וואָס זע ווי דאָס לאַנד וואַקסט און פליגלט אַף דאָס ניי. — — —

## דער וואָס פאַרלאָזט דאָס לאַנד

דער וואָס פאַרלאָזט דאָס לאַנד ישראל, — וועט אַרומגיין אין די בייטאָגן אונטער אַ פרעמדן הימל. און אין די נעכט זועט דער שלאָף ניט וועלן נידערן. אין די קאַלטע טעג, — וועט ער דורשטן נאָך דער זון פון ישראל. און אין שטורם־רעגנס, — וועט ער זען ווי ישראל פעלדער טרינקען דאָרשטיק די וואַסערן...

און אין אַלע פרעמדע פאָנען וועט ער זען די ווייס־בלויע ישראל־פאָן...

וואו ער וועט ניט פאָרן און גיין, — וועלן אים נאָכגיין ישראל פייסאַזשן. און ער וועט זוכן טרייסט אין תנ״ך. און ער וועט לערנען דעם חומש. און זיין בענקשאַפט וועט אים נאָכגיין ווי גרויסע שאָטנס באַם זון פאַרגאַנג...

און אין די יום־טוב־טעג וועט ער קומען צו די ברעגן פון ים און קוקן אַף די שיפן, וואָס בינדן זיך אָפּ פון די ברעגן... ער וועט גיין צו די פלי־פעלדער און קוקן אַף די שטאָלענע אָדלערס, וואָס הויבן זיך אין וואָלקנס... זיינע מחשבות וועלן בלאָנדזשען צוריק צו ישראל. און זיין האַרץ וועט זיין פול מיט בענקשאַפט...

און דער מענטש וועט זיך באַדאַכטן און זיך צוריקקערן צו ישראל...